יעקב לעווין

# מעשות און לעגענדעם
פון דער
# אידישער געשיכטע

צווייטער טייל

(פון יהושוע׳ן ביז דער צעטיילונג פון דער מלוכה)



ניו־יאָרק, 1930
פארלאג „אידישע שול“

הויפט־פארקויף ביי
היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
34־632 בראדוויי, ניו יארק

# אינהאלט:

## 1. יהושוע.

# בילדער, וואָס גייען אריין אין דעם בוך.

# 1. י ה ו ש ו ע (יעהוישואַ) שיקט אויסזעער אין י ר י ח ו (יעריכוי).

ווען מ ש ה איז געשטאָרבן, איז י ה ו ש ו ע (יעהוישואַ) דער זון פון נון געוואָרן דער פירער פון די ב נ י - י ש ר א ל (בניִי איסראָעל). האָט י ה ו ש ו ע צונויפגערופן אַלע עלטסטע פון די ב נ י - י ש ר א ל און זיי געזאָגט: „גייט, זאָגט דעם פאָלק, עס זאָל זיך צוגרייטן. זאָלן זיי זיך אָנגרייטן שפּייז און צונויפקלייבן די פי; ווייל אין עטלאַכע טעג אַרום וועלן מיר אַריבער דעם י ר ד ן (יאַרדן) און אַריין אין דעם לאַנד, וואָס איז פאַרשפּראָכן געוואָרן נאָך צו אונזערע עלטערן.“ האָבן די עלטסטע אַזוי געטאָן.

און י ה ו ש ו ע האָט גערופן צוויי מענשן און זיי געזאָגט: „גייט אַריבער דעם י ר ד ן, קומט אַריין אין דער שטאָט י ר י ח ו (יעריכוי), וואָס ביים י ר ד ן, און קוקט זי אוים“.

זיינען די צוויי מענשן אַריבער דעם י ר ד ן און געקומען אין דער שטאָט י ר י ח ו. און זיי זיינען פאַרגאַנגען אין אַ גאַסט־הויז פון איינער אַ פרוי ר ח ב (ראָכאָוו) און געבליבן דאָרט איבערנעכטיקן.

האָט מען דערציילט דעם קעניג פון י ר י ח ו, אַז עס זיינען געקומען אין שטאָט צוויי פון די ב נ י - י ש ר א ל, און אַז זיי ווילן אויסקוקן דאָס לאַנד. האָט דער קעניג פון יר י ח ו געשיקט צו ר ח ב'ן (ראָכאָוון) און איר געזאָגט: „גיב אַרוים די מענשן, וואָס זיינען צו דיר פאַרגאַנגען, ווייל זיי זיינען געקומען אויסקוקן דאָס לאַנד“.

האָט ר ח ב גענומען די צוויי מענשן און זיי באַהאַלטן. און זי האָט געלאָזט וויסן דעם קעניג, אַז עס זיינען טאַקע צו איר געקומען צוויי מענשן — זי ווייס ניט פון וואַנען. נאָר אין אָוונט, ווען מ'האָט גע־

דאַרפֿט צושליסן די טויערן פֿון שטאָט, זיינען די מענטשן אַוועק, זי ווייס ניט וואוהין. זאָל מען זיי נאָכיאָגן, וועט מען זיי כאַפּן.

און זי האָט גענומען די צוויי מענטשן און אַרויפֿגעבראַכט זיי אויפֿ'ן דאַך און באַהאַלטן זיי צווישן די פֿלאַקס-שטעקלאַך, וואָס זיינען דאָרט געלעגן. און פֿאַר'ן שלאָפֿן גיין איז זי אַרויף צו זיי אויפֿ'ן דאַך און זיי געזאָגט:

„איך ווייס, אַז איר וועט איינגעמען דאָס לאַנד. איער שרעק איז אָנגעפֿאַלן אויף אונז און אויף אַלע איינוואוינער פֿון לאַנד. מיר האָבן געהערט, ווי איר זייט אַרויס פֿון מ צ ר י ם און אַריבער דעם י ם, און ווי איר האָט איינגענומען דאָס לאַנד אויף יענער זייט י ר ד ן, איז אונזער האַרץ צעגאַנגען געוואָרן פֿאַר שרעק און מיר האָבן מער ניט קיין מוט צו שטעלן זיך אַנטקעגן איך.

„און איצט וויל איך פֿון איך עפּעס בעטן: שווערט מיר, אַז ווען איר וועט איינגעמען די שטאָט י ר י ח ו, וועט איר ניט טאָן קיין שלעכטס מיין הויזגעזינד — מיין פֿאָטער און מוטער, מיינע ברידער און שוועסטער, — פּונקט אַזוי, ווי איך האָב איך קיין שלעכטס ניט געטאָן, — און איר זאָלט זיי לאָזן לעבן.“

האָבן די צוויי מענטשן צוגעשוואָרן און געזאָגט: „אויב דו וועסט קיינעם וועגן דער גאַנצער זאַך ניט דערציילן, זיינען מיר מיט אונזער לעבן פֿאַראַנטוואָרטלאַך פֿאַר זיי. דו בינד נאָר אָן אַ רויט שנירל אויפֿ'ן פֿענסטער; און ווען מיר וועלן באַלעגערן די שטאָט, פֿאַרקלייב צו דיר אין הויז דיין גאַנץ הויז-געזינד. און זאָל קיינער פֿון זיי אויפֿ'ן גאַס ניט אַרויס.“

און ר ח ב האָט גענומען די צוויי מענטשן און אויף אַ שטריק אַראָפּגעלאָזן זיי דורכ'ן פֿענסטער אויף יענער זייט מויער פֿון שטאָט, ווייל איר הויז איז געווען אין מויער פֿון שטאָט. און אויפֿ'ן פֿענסטער האָט זי אָנגעבונדן אַ רויט שנירל.

און די צוויי מענטשן זיינען אַוועק אין די בערג און אויסבאַהאַלטן זיך דאָרט דריי טעג, ביז די לייט פֿון י ר י ח ו, וואָס האָבן זיי נאָכגעיאָגט און נאָכגעזוכט, האָבן זיך צוריקגעקערט אין שטאָט.

דעמאָלט זיינען זיי אַרוים פון די בערג, אַריבער דעם טייך און געקומען צו יהושע׳ן. און זיי האָבן אים דערציילט אַלץ, וואָס מיט זיי האָט געטראָפֿן. און זיי האָבן אים געזאָגט: „דאָס גאַנצע לאַנד וועט ווערן אונזערס, ווייל דאָס הארץ פון די איינוואוינער פון לאַנד איז צעגאַנגען פאַר שרעק פאַר אונז.“



רחב לאָזט אַראָפּ די אויסקוקער אויף אַ שטריק.

## 2. יהושע פירט אַריבער די בני־ישראל איבער׳ן ירדן.

און יהושע מיט׳ן גאַנצן פאָלק זיינען צוגעקומען צום ירדן. האָט יהושע געלאָזט וויסן די בני־ישראל: „מאַכט זיך גרייט, ווייל מאָרגן גייען מיר אַריבער דעם ירדן.“

האָבן די בני־ישראל אַזוי געטאָן. און די כוהנים האָבן גענומען דעם ארון און זיינען אַריין אין ירדן; און דאָס גאַנצע פאָלק איז נאָכגעגאַנגען נאָך זיי, ביז זיי זיינען אַריבער דעם

טײַך. און זײ זײַנען אַריבער דעם י ר ד ן אַנטקעגן דער שטאָט י ר י ח ו.

און װען אַלע זײַנען אַריבער דעם י ר ד ן, האָט י ה ו ש ו ע געזאָגט: „זאָל מען נעמען צװעלף גרויסע שטײנער לויט דער צאָל פון די שבטים פון די ב נ י - י ש ר א ל און מאַכן פון זײ אַ קופּע אויף דעם אָרט, װאו מיר זײַנען אַריבער דעם י ר ד ן. אַן אײביקער אָנדענקען זאָל דאָס זײַן, אַז מיר זײַנען אַריבער דעם טײַך און געקומען אין דעם לאַנד, װאָס איז פאַרשפּראָכן געװאָרן צו אונזערע עלטערן.“

האָט מען אַזוי געטאָן. און י ה ו ש ו ע האָט אַ נאָמען געגעבן דעם אָרט, װאו מען האָט געמאַכט די קופּע שטײנער, ג ל ג ל (גילגאָל).

## 3. די ב נ י - י ש ר א ל נעמען י ר י ח ו.

און י ר י ח ו איז צוליב די ב נ י - י ש ר א ל געװען אַרום און אַרום געשלאָסן; מען האָט קײנעם פון איר ניט אַרויסגעלאָזן און קײנעם אַהין ניט אַרײַנגעלאָזן.

האָט י ה ו ש ו ע געהײסן: „זאָלן כ ו ה נ י ם נעמען דעם הײליקן אָ ר ו ן, און אַנדערע כ ו ה נ י ם זאָלן גײן מיט ש ו פ ר ו ת (שויפרעס) פאָרויס פאַר׳ן אָ ר ו ן; און די באַװאָפנטע פון די ב נ י - י ש ר א ל זאָלן גײן אַ טײל פאָרויס פאַר די כ ו ה נ י ם און אַ טײל הינטער זײ. און די כ ו ה נ י ם זאָלן בלאָזן אין די ש ו פ ר ו ת. און אַזוי זאָלט איר אַרומגײן די שטאָט אַרום און אַרום.“

האָט מען אַזוי געטאָן אײן טאָג און נאָך אַ טאָג, זעקס טעג נאָכאַנאַנד. און דעם זיבעטן טאָג האָט י ה ו ש ו ע געהײסן, מען זאָל אַזוי אַרומרינגלען די שטאָט זיבן מאָל. און צום זיבעטן מאָל האָט י ה ו ש ו ע געהײסן, אַלע זאָלן אָנהײבן בלאָזן אין די טרומײטן און שרײַען און ליאַרעמען. האָט דאָס פאָלק אַזוי געטאָן.

און אַלע האָבן געשאַלט און געטרומײטערט, און געשריען און

געליאַרעמט און געוואָרפן זיך אויף די מויערן פון שטאָט. זיינען די מויערן געפאַלן פאַר די בני־ישראל, און די בני־ישראל האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט און זי איינגענומען.



די בני־ישראל שטורעמען יריחו.

און יהושע האָט געהייסן די צוויי אויסזעער, זיי זאָלן אַריין אין דעם הויז פון רחב'ן, דער ווירטן פון גאַסט־הויז, וואָס האָט זיי אויסבאַהאַלטן, און זאָלן אַרויספירן פון דאָרטן אומבאַרירט זי און איר גאַנץ הויז־געזינד. האָבן זיי אַזוי געטאָן.

און יהושע האָט געהייסן די בני־ישראל, זיי זאָלן פאַרברענען די שטאָט יריחו מיט אַלץ, וואָס אין איר: הייזער, שאָף און רינדער, כלים (קיילים), גאָלד און זילבער; זיי זאָלן גאָרנישט ניט איבערלאָזן און גאָרנישט זיך ניט נעמען. האָבן די בני־ישראל אַזוי געטאָן.

# 4. עכנ׳ס (אָכאָנס) זינד.

נאָכדעם, ווי י ה ו ש ע האָט אײַנגענומען און פאַרברענט די שטאָט י ר י ח ו, האָט ער אַוועקגעשיקט אַ פּאָר טויזנט פון די ב נ י - י ש ר א ל אין אַ דערבײַאיק שטעטל עי (אַי). האָבן די אײַנוואוינער פון ע י צעשלאָגן די ב נ י - י ש ר א ל און זיי פאַרטריבן.

ווען י ה ו ש ע האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער צעריסן אויף זיך די קליידער, און אַלע עלטסטע פון די ב נ י - י ש ר א ל האָבן באַדעקט זייערע קעפּ מיט אַש. „וואָס וועט איצט זײַן? — האָט י ה ו ש ע געזאָגט. — ווען די ב נ י - י ש ר א ל זײַנען אַנטלאָפן פון זייערע פײַנט, וועלן זיך אַלע אַרומיקע צונויפקומען, אַרומרינגלען אונז און פאַרניכטן אונז פון דער ערד. און וואָרום האָט דאָס געטראָפן? ניט אַנדערש — די ב נ י - י ש ר א ל האָבן געזינדיקט און געפעלשט אינ׳ם פאַרבאָט — גאָרנישט ניט צו נעמען פון י ר י ח ו.“

און אויף מאָרגן האָט י ה ו ש ע צונויפגעקליבן די ב נ י - י ש ר א ל און נאָכגעזוכט און אויסגעפונען, אַז מען האָט טאַקע געפעלשט אין דעם פאַרבאָט. איינער פון די ב נ י - י ש ר א ל, ע כ ן (אָכאָן) דער זון פון קאַרמי, האָט זיך מ ו ד ה (מוידע) געווען, אַז ער האָט דערזען אין אַ הויז אַ שיינעם פוטערנעם מאַנטל און צוויי הונדערט זילבערנע טאָלער און אַ שטיק גאָלד. איז דאָס אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, האָט ער דאָס צוגענומען און באַהאַלטן אין זײַן געצעלט.

האָט י ה ו ש ע געשיקט מענשן צו ע כ נ׳ען (אָכאָנען) אין געצעלט, און זיי האָבן אויסגעפונען די אַלע זאַכן און געבראַכט צו י ה ו ש ע׳ן. האָט י ה ו ש ע געזאָגט ע כ נ׳ען: „דו האָסט אונז אומגליקלאַך געמאַכט, איצט זאָלסטו פאַראומגליקלאַכט ווערן.“

און י ה ו ש ע האָט גענומען ע כ נ׳ען און די זאַכן, וואָס יענער האָט צוגענומען, און זײַנע שאָף, און זײַן גאַנצע האָב און גוטס

און געבראַכט אין אַ דערבײַאיקן טאָל. און יהושע האָט גע־הייסן, און מען האָט עכנ׳ען און אַלץ, וואָס מיט אים, פאַרוואָרפן מיט שטיינער און געטויט. און אויף דעם אָרט האָט מען אויפ־געשטעלט אַ קופּע מיט שטיינער, די בני־ישראל זאָלן עס זען און זאָלן זיך אָפּלערנען דערפון.



די בני־ישראל פאַרוואָרפן עכנ׳ען מיט שטיינער.

נאָכדעם האָט יהושע גענומען די בני־ישראל און איז אָנגעפאַלן אויף דער שטאָט עי (אַי) און האָט זי אײַנגע־נומען און פאַרברענט.

## 5. די גבעונים (גיוואוינים).

און די אײַנוואוינער פון דער שטאָט גבעון (גיוואוין) האָבן דערהערט, וואָס יהושע האָט געטאָן מיט יריחו און מיט עי, האָבן זיי זיך דערשראָקן און זיי האָבן באַשטימט אָפּנאַרן

י ה ו ש ו ע'ן. זײ האָבן אַרויפגעלײגט אויף זײערע אײזלען צעריסענע זאַטלען; האָבן אָנגעטאָן אויף זיך צעריסענע שיך און צעריסענע קלײדער; גענומען צעשפּאָלטענע און צעריסענע װײַן־לאָגלען; און ברויט האָבן זײ גענומען מיט זיך פאַרשימלטס. און זײ זײַנען געקומען צו י ה ו ש ו ע'ן אין לאַגער אין ג ל ג ל און האָבן צו אים און צו די ב נ י ־ י ש ר א ל געזאָגט אַזוי:

„מיר זײַנען געקומען פון אַ װײַט לאַנד, און מיר װאָלטן געװאָלט שליסן מיט אײַך אַ פרידנס־בונד."

פרעגט זײ י ה ו ש ו ע: „װער זײַט איר און פון װאַנען קומט איר?"

האָבן זײ געזאָגט: „מיר זײַנען געקומען פון אַ װײַט לאַנד. מיר האָבן געהערט, װי איר זײַט אַרויס פון מ צ ר י ם, און װאָס איר האָט געטאָן מיט די קעניגן, װאָס אויף יענער זײַט י ר ד ן. האָבן אונזערע עלטסטע און אַלע אײַנװאױנער פון אונזער לאַנד געזאָגט: „נעמט מיט זיך שפּײַז אויפ'ן װעג און גײט אַנטקעגן די ב נ י ־ י ש ר א ל און זאָגט זײ: „מיר זײַנען אײַערע קנעכט; שליסט מיט אונז אַן אָפּמאַך." איר זעט אָט דאָס ברויט? עס איז געװען פריש, װען מיר זײַנען אַרויס צו אײַך, און איצט איז עס האַרט און פאַרשימלט. און די װײַן־לאָגלען זײַנען געװען נײַ, און איצט זײַנען זײ צעשפּאָלטן; און די קלײדער און די שיך זײַנען געװען נײַע, און איצט זײַנען זײ שוין צעריסן."

האָט י ה ו ש ע געשלאָסן אַ פרידנס־בונד מיט די מענשן, װאָס זײַנען געקומען, און פאַרשפּראָכן זײ צו לאָזן לעבן זײער פאָלק; און די עלטסטע פון די ב נ י ־ י ש ר א ל האָבן זײ אויף דעם צוגעשװאָרן.

און אין דרײַ טעג אַרום האָבן די ב נ י ־ י ש ר א ל דערהערט, אַז די געקומענע װאױנען ניט װײַט פון זײ אין לאַנד. זײַנען זײ געגאַנגען און האָבן אויסגעפונען, אַז זײ װאױנען אין דער דערבײַאיקער שטאָט ג ב ע ו ן און אין עטלאַכע אַנדערע שטעט אַרום. האָבן

די עלטסטע געזאָגט: „זאָלן זיי בלייבן לעבן; מיר וועלן זיי ניט טשעפּען, ווייל מיר האָבן זיי צוגעשוואָרן אויף דעם.“

זיינען די ב נ י ־ י ש ר א ל דערפאַר בייז געוואָרן אויף זייערע עלטסטע. האָבן די עלטסטע געזאָגט: „מיר האָבן געשוואָרן, קאָנען מיר אונזער וואָרט ניט ברעכן. אָבער דאָס וועלן מיר יאָ טאָן. דער־פאַר, וואָס זיי האָבן אונז אָפּגענאַרט, זאָלן זיי ווערן אונזערע האָלץ־העקער און וואַסער־טרעגער.“

האָט י ה ו ש ו ע גערופן די ג ב ע ו נ י ם און זיי געפרעגט: „פאַרוואָס האָט איר אונז אָפּגענאַרט? איר האָט געזאָגט, אַז איר זייט פון אַ וויטן לאַנד, און איר וואוינט גאָר אָט דאָ נאָענט.“

האָבן זיי געענטפערט: „מיר האָבן געהערט, אַז איר האָט באַ־שלאָסן אויסצוה׳ר ג׳ענען און אויסצוראָטן אַלע איינוואוינער פון׳ם לאַנד, האָבן מיר זיך דערשראָקן; האָבן מיר דאָס דעריבער געטאָן. און איצט טוט מיט אונז, וואָס איר ווילט.“

האָט י ה ו ש ו ע געזאָגט: „דערפאַר וועט איר זיין די האָלץ־העקער און די וואַסערטרעגער פאַר די ב נ י ־ י ש ר א ל און באַ־זונדערס פאַר דעם פּלאַץ, וואָס וועט אויסגעקליבן ווערן פאַר דעם הייליקן אָ ר ו ן.“

און י ה ו ש ו ע האָט זיך איינגעשטעלט פאַר זיי, און די ב נ י ־ י ש ר א ל האָבן זיי קיין שלעכטס ניט געטאָן.

## 6. י ה ו ש ו ע באַשיצט די ג ב ע ו נ י ם.

ווען דער קעניג פון י ר ו ש ל י ם (יערושאָלאַאים) האָט דער־הערט, אַז די ג ב ע ו נ י ם האָבן ש ל ו ם (שאָלעם) געמאַכט מיט די ב נ י ־ י ש ר א ל, האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט פיר אַנדערע קעניגן און געזאָגט: „לאָמיר גיין און צעשלאָגן די ג ב ע ו נ י ם, ווייל זיי האָבן ש ל ו ם געמאַכט מיט אונזער פיינט.“ און זיי זיינען אָנגעפאַלן אויף ג ב ע ו ן.

האָבן די ג ב ע ו נ י ם געשיקט צו י ה ו ש ו ע׳ן זאָגן אים:

„זאָג זיך ניט אָפּ פון צו קומען העלפן אונז, ווייל די קעניגן פון די אמורים (עמוירים), וואָס וואוינען אין די בערג, זיינען אויף אונז אָנגעפאַלן.“

האָט יהושע גענומען אַלע די פון די בני־ישראל, וואָס קאָנען טראָגן געווער, און איז שנעל געגאַנגען צו הילף די גבעונים. און ביינאַכט איז ער אָנגעפאַלן אויף די פינף קעניגן פון די אמורים און זיי צעטומלט. זיינען יענע אַנטלאָפן געוואָרן, און די בני־ישראל האָבן זיי נאָכגעיאָגט.

האָט יהושע געזאָגט: „זאָל די זון בלייבן שטיין אין גבעון און די לבנה אין דעם טאָל איאַלון, ביז די בני־ישראל וועלן באַזיגן זייערע פיינט“.

און יהושע האָט צעשלאָגן די אמורים, און נאָכדעם האָבן די בני־ישראל בּיסלאַכוויַיז צעשלאָגן אויך די אַנדערע קעניגן פון לאַנד — אינגאַנצן איין און דרייסיק קעניגן, און האָבן פאַרנומען זייער לאַנד און זיך דאָרט באַזעצט.

## 7. יהושע צעטיילט דאָס לאַנד.

און די בני־ישראל האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער שטאָט שילה (שילוי). דאָרט האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ שיין געצעלט און אַריינגעשטעלט אין אים דעם הייליקן אָרון.

און אַ גרויסער טייל פון לאַנד איז שוין געווען איינגענומען פון די בני־ישראל, און יהושע איז שוין אַלט געוואָרן. האָט ער געזאָגט צו די בני־ישראל: „נעמט צו דריי מענשן פון אַ שבט און זאָלן זיי דורכגיין דאָס גאַנצע לאַנד און איבערשרייבן יעדע שטאָט און יעדעם דאָרף.“

זיינען די מענשן געגאַנגען און איבערגעשריבן דאָס גאַנצע לאַנד און זיך צוריקגעקערט צו יהושע׳ן אין שילה. האָט יהושע איינגעטיילט דאָס לאַנד אין טיילן און האָט צעטיילט דאָס לאַנד צווישן די שבטים (שוואָטים). דער שבט (שעיוועט)

ר א ו ב ן (רעאוואוון) און דער ש ב ט ג ד (גאָד) און אַ העלפט פונ׳ם ש ב ט מ נ ש ה (מנאַשע) האָבן באַקומען זייערע ח ל ק י ם אויף יענער זײַט י ר ד ן, און די איבעריקע נײַן ש ב ט י ם און די צווייטע העלפט פונ׳ם ש ב ט מ נ ש ה האָבן באַקומען זייערע ח ל ק י ם אויף דער זײַט י ר ד ן.



י ה ו ש ו ע צעטיילט דאָס לאַנד צווישן די ש ב ט י ם.

און זעקס שטעט האָט י ה ו ש ו ע אויסגעטיילט און אַוועק־געגעבן זיי צו די כ ו ה נ י ם (קויהאַנים). און ער האָט די שטעט געמאַכט פאַר ע ר י ־ מ ק ל ט (אָרע־מיקלאָט), דאָס זײַנען אַזעלכע שטעט, וואָס אַ מענש קאָן אַהין אַנטלויפן, ווען ער האָט אומגערן דער׳ה ר ג׳עט אַ צווייטן, און ער קאָן דאָרט זײַן זיכער, אַז די ק ר ו ב י ם פון דעם דער׳ה ר ג׳עטן וועלן פון אים ניט קאָנען נעמען קײַן נ ק מ ה (נעקאָמע).

אין אַ צײַט אַרום האָט י ה ו ש ו ע צוזאַמענגערופן די ב נ י ־ י ש ר א ל אין דער שטאָט ש כ ם. דאָרטן האָט ער צענויפגענומען

די עלטסטע און די ריכטער, די באַאַמטע און די אויפזעער פון פאָלק און זיי דערציילט אַלץ, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די ב נ י - י ש ר א ל, זינט זיי זיינען אַרויס פון מ צ ר י ם, און ער האָט זיך געזעגנט מיט'ן פאָלק און האָט זיי אַוועקגעשיקט צוריק אַהיים.

און י ה ו ש ו ע האָט פאַרשריבן אין דעם בוך פון דער ת ו ר ה (טוירע) אַלץ, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די ב נ י - י ש ר א ל.

אין אַ ביסל צייט אַרום איז י ה ו ש ו ע געשטאָרבן, הונדערט מיט צען יאָר אַלט. האָט מען אים באַערדיקט אין זיין גוט, וואָס אויף די בערג א פ ר י ם (עפראַאים).

## 8. ד ב ו ר ה.

נאָך י ה ו ש ו ע'ס טויט זיינען די ב נ י - י ש ר א ל געבליבן אָן אַ פירער. אַ גרויסער טייל פון לאַנד איז נאָך ניט געווען איינגענומען פון די ב נ י - י ש ר א ל, און די ש ב ט י ם זיינען ניט געווען פאַראייניקט. פלעגן די פעלקער, וואָס אַרום דעם לאַנד כ נ ע ן, אָנפאַלן אויף די ב נ י - י ש ר א ל און זיי אונטערדריקן.

און ווען עס פלעגט די ב נ י - י ש ר א ל ווערן זייער ענג און שלעכט, פלעגן זיך די ש ב ט י ם פאַראייניקן און צוזאַמען אַרויסטרעטן געגן זייערע פיינט. און עס פלעגט דעמאָלט אויפשטיין אַ העלד ביי די ב נ י - י ש ר א ל, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן — אַ ש ו פ ט (שויפעט), און ער פלעגט פירן די ב נ י - י ש ר א ל אין מ ל ח מ ה (מילכאָמע). און ווען ער פלעגט באַזיגן דעם פיינט, פלעגט ער בלייבן אַ ריכטער; ווען ס'פלעגן פאָרקומען קריגערייען צווישן די ב נ י - י ש ר א ל אַליין, פלעגן זיי קומען צו אים, צום ש ו פ ט, און ער פלעגט זיי מ ש פ ט'ן.

איינמאָל זיינען די ב נ י - י ש ר א ל אונטערדריקט געוואָרן פון י ב י ן (יאָווין) דעם קעניג פון ח צ ו ר (כאָצויר) און פון זיין גענעראַל סיסראָ. סיסראָ האָט געהאַט נײַן הונדערט אײַזערנע רייטוועגן און איז דערפאַר געווען זייער שטאַרק.

און ביי די  ב נ י - י ש ר א ל  איז דעמאָלט געווען אַ באַגייס־
טערטע פרוי, אַ וואָרזאָגערן; איר נאָמען איז געווען  ד ב ו ר ה
(דוואוירע).  זי האָט געוואוינט אונטער אַ טייטלבוים אויף די בערג
א פ ר י ם,  און די  ב נ י - י ש ר א ל  פלעגן קומען צו איר  מ ש פ ט'ן



ד ב ו ר ה  די וואָרזאָגערן.

זיך.  האָט דבורה געשיקט רופן  ב ר ק'ן (באַראַקן) פון  ש ב ט
נ פ ת ל י  (נאַפטאָלי) און אים געזאָגט: „נעם צונויף צען טויזנט

מאַן פון די ב נ י ־ י ש ר א ל און גיי אַרויס אין קאַמף מיט סיסראָן".

האָט איר ב ר ק געזאָגט: „ווועסטו גייִן מיט מיר, וועל איך אויך גייִן; און ווועסטו ניט גייִן, וועל איך אויך ניט גייִן." האָט ד ב ו ר ה צוגעשטימט גייִן מיט אים צוזאַמען.

האָבן זיי צונויפגערופן צען טויזנט פון די ב נ י ־ י ש ר א ל און זיינען אַרויסגעטראָטן געגן סיסראָן. און ווען סיסראָ האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער צונויפגענומען זיינע נײַן הונדערט אייזערנע רייטוועגן און דאָס גאַנצע פאָלק זיינס און איז אַרויס אַנט־קעגן ב ר ק'ן. איז סיסראָס ח י ל (כאַאיל) צעטומלט געוואָרן פאַר די ב נ י ־ י ש ר א ל און איז זיך צעלאָפן.



י ע ל באַווייזט ב ר ק'ן דעם גע'ה ר ג'עטן סיסראָן.

און סיסראַ איז אַראָפּ פון זײַן רײַטוואָגן און איז אַנטלאָפן צופוס. און ער איז פאַרבײַגעלאָפן פאַרבײַ דעם געצעלט פון זײַנער אַ באַקאַנטער פרוי — י ע ל (יאָעל), האָט זי אים אַרײַנגערופן צו זיך. און סיסראַ איז געווען מיד און דאָרשטיק; האָט ער בײַ איר געבעטן וואַסער אַ טרונק. האָט זי אים געגעבן מילך, און סיסראַ איז באַלד אײַנגעשלאָפן.

האָט י ע ל, וואָס איז אויך געווען אַ פרײַנד פון די ב נ י - י ש ר א ל, אין שלאָף דער׳הרג׳עט סיסראַן. און ווען ב ר ק איז פאַרבײַגעלאָפן, האָט י ע ל אים אַרײַנגערופן און באַוויזן אים זײַן פײַנט אַ טויטן.

האָט ב ר ק צעשלאָגן די כ נ ע נ י ם, און זיי האָבן שוין מער ניט געוואַגט אָנצופאַלן אויף די ב נ י - י ש ר א ל.

און ד ב ו ר ה האָט נאָכדעם געזונגען אַ שיין ליד אַזוי:

„דערוועק זיך, דערוועק זיך, ד ב ו ר ה!
דערוועק זיך, דערוועק זיך, זינג דאָס ליד!
שטיי אויף, ב ר ק, און פאַנג דײַן פאַנג!

דעמאָלט זײַנען זיך צונויפגעקומען די צעשפּרייטע צו די אָנפירער.

און עס זײַנען אָנגעקומען די קעניגן, האָבן געשטריטן.

דעמאָלט האָבן געשטריטן די קעניגן פון כ נ ע ן.

און פון הימל האָבן די שטערן געשטריטן, פון זייערע וועגן האָבן זיי געשטריטן מיט סיסראַן; דער טײַך קישון האָט זיי פאַרשווענקט.

זאָל געבענטשט זײַן צווישן די פרויען י ע ל!

וואַסער האָט ער געבעטן, מילך האָט זי אים דערלאַנגט.

זי האָט אַ קלאַפּ געגעבן סיסראַן, צעשלאָגן זיין קאָפּ; צו אירע פיס האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן, געפאַלן.

דורכ׳ן פענסטער קוקט און ס׳רופט אויס די מוטער סיסראַס:

— פאַרוואָס זאַמט זיך אַזוי זײַן רײַטוואָגן?

פאַרוואָס הערט מען ניט אַזוי לאַנג די טריט פון זײַנע פערד?

די קליגסטע פון אירע האַרנטעס ענטפערט איר:

„געווים האָבן זיי שוין געפונען און טײַלן דעם רויב,
רויב פון פאַרביקע קליידער פאַר סיסראָן,
אַ פאַרביק געוועב, צוויי קאָלירטע טיכער פאַר'ן האַלז פון דער קעניגן."

אַזוי זאָלן צו גרונד גיין אַלע אונזערע פײַנט!

## 9. ג ד ע ו ן (גידוין).

און איינמאָל האָבן ש ב ט י ם פון דער מ ד ב ר, די מ ד י נ י ם (מידיאָנים), געדריקט די ב נ י - י ש ר א ל. ווען די ב נ י - י ש ר א ל פלעגן עפּעס פאַרזייען, פלעגן קומען די מ ד י נ י ם מיט זייערע שאָף און רינדער און קעמלען; ווי היישעריקן פלעגן זיי אָנפאַלן אויפ'ן לאַנד און פלעגן אַלץ אָפּעסן און פאַרוויסטן. זײַנען די ב נ י - י ש ר א ל זייער אָרים געוואָרן.

און אין אַ שטעטל ע פ ר ה (אָפראַ) איז געווען אַ העלדישער יונג, ג ד ע ו ן, דער זון פון י ו א ש (יויאַש). זײַנע צוויי ברידער זײַנען געטויט געוואָרן פון די מ ד י נ י ם. איז ג ד ע ו ן געווען בייז אויף זיי און געשוואָרן צו נעמען נ ק מ ה (נעקאָמע) פון זיי.

איינמאָל האָט ג ד ע ו ן געדראָשן ווייץ אין אַ קעלער, כ ד י צו באַהאַלטן זיך פון די מ ד י נ י ם. איז צו אים געקומען אַ מאַן און געזאָגט: „גיי און העלף מיט דײַן קראַפט די ב נ י - י ש ר א ל פון די הענט פון מ ד י ן."

האָט ג ד ע ו ן צעשיקט ש ל ו ח י ם איבער פאַרשיידענע ש ב ט י ם פון די ב נ י - י ש ר א ל און גערופן זיי גיין קעמפן מיט מ ד י ן. זײַנען זיי געקומען. איז ג ד ע ו ן און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס מיט אים, געגאַנגען אַנטקעגן די מ ד י נ י ם, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ גרויסן טאָל. אויפ'ן וועג האָט ער אָפּגעשטעלט זײַן ח י י ל (כאַיל) און זיי געזאָגט: „ווער עס שרעקט זיך, זאָל זיך אומקערן אַהיים". זײַנען אַ ס ך אַוועק, און עס זײַנען מיט אים פאַרבליבן בלויז צען טויזנט מענשן. האָט זיי ג ד ע ו ן געבראַכט

צו אַ טײַכל און געזאָגט: „גיייט טרינקט זיך אָן.“ זײַנען אַלע צוגע־גאַנגען טרינקען. אייניקע האָבן זיך געשטעלט אויף די קני, אַנדערע האָבן זיך געשטעלט אויף אַלע פיר און געטרונקען דאָס וואַסער. האָט גדעון אָפּגעקליבן דרײַ הונדערט מאַן פון די, וואָס האָבן ניט געקניט בײַם טרינקען, און די איבעריקע האָט ער אַוועקגעשיקט אַהיים.



גדעון קלייבט אָפּ זיינע מענשן.

און די דרײַ הונדערט מאַן האָבן מיט זיך גענומען שפּײַז און געווער און שופרות (שויפרעס) און זיי זײַנען צוגעקומען צו דעם לאַגער פון מדין.

## 10. גדעון צעשלאָגט די מדינים.

בײַנאַכט האָט גדעון גענומען זײַן געהילף פורה (פּוראָ) און איז אַוועק מיט אים צו די מדינים. זיי האָבן זיך צוגע־

ג נ ב׳עט נאָענט צו אַ געצעלט און האָבן זיך צוגעהערט. האָבן זיי געהערט, ווי איין מ ד י נ י (מדיאַני) דערציילט דעם צווייטן: „איך האָב היינט געזען אין ח ל ו ם (כאָלעם), ווי אַ לעבל ברויט קייקלט זיך אום איבער דעם לאַגער פון מ ד י ן; און ער האָט זיך צוגעקייקלט ביז צום געצעלט פון דעם פירער אונזערן, און ער האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן. האָט זיך דאָס געצעלט איבערגעקערט.״ — האָט זיין פריינט אים געזאָגט: „איך גלויב, דאָס באַווייזט, אַז דער לאַגער פון מ ד י ן וועט אַריינפאַלן אין די הענט פון די ב נ י - י ש ר א ל.

ווען ג ד ע ו ן האָט דאָס דערהערט, איז ער צוריקגעגאַנגען צו זיינע מענשן און זיי געזאָגט: „שטייט אויף, קומט! מ ד י ן וועט אַריינפאַלן אין אונזערע הענט״. און ער האָט צעטיילט זיינע מענשן אויף דריי אָפּטיילונגען; און ער האָט יעדן איינעם אין האַנט געגעבן אַ שו פ ר (שויפער), אַ ליידיקן קרוג און אַ שטורקאַץ, און ער האָט זיי געזאָגט: „קוקט אויף מיר, און וואָס איר וועט זען, אַז איך טו, זאָלט איר אויך טאָן.״

איז ג ד ע ו ן מיט איין הונדערט מענשן, וואָס ער האָט געפירט, געקומען צו דעם לאַגער פון מ ד י ן; און ער האָט געבלאָזן אין ש ו פ ר און צעבראָכן דעם קרוג, וואָס אין זיין האַנט. האָבן אַלע דריי הונדערט מענשן געבלאָזן אין שופר, צעבראָכן די קרוגן זייערע, גענומען די שטורקאַצן און אומגעפאָכעט מיט זיי הין און הער. האָבן זיך די מ ד י נ י ם אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געמיינט, אַז אַ גרויסע מ ח נ ה מענשן איז אויף זיי אָנגעפאַלן. האָבן זיי זיך דערשראָקן און זיך געלאָזט לויפן, און איינער דעם צווייטן האָט אויפ׳ן וועג צעטראָטן און מיט׳ן שווערד דערשלאָגן. און דער גאַנצער לאַ-גער פון די מ ד י נ י ם מיט די געווער, מיט די קעמלען און אַלע אַנדערע זאַכן זייערע זיינען איבערגעבליבן און אַריינגעפאַלן צו ג ד ע ו נ׳ען אין האַנט.

דעמאָלט האָבן די ב נ י - י ש ר א ל פון פאַרשיידענע ש ב ט י ם זיך פאַרזאַמלט און גענומען נאָכיאָגן די מ ד י נ י ם. און די מענשן

פון ש ב ט א פ ר י ם (עפראַים) האָבן פאַרנומען די פאַראָמען און ניט געלאָזט די מ ד י נ י ם אַריבער דעם י ר ד ן. האָט מען צעשלאָגן די מ ד י נ י ם. און פון דעמאָלט אָן איז מ ד י ן געוואָרן אונטערטעניק צו די ב נ י - י ש ר א ל, און זײַ זײַנען שוין מער ניט אָנגעפאַלן אויף זײַ.

דעמאָלט האָבן די ב נ י - י ש ר א ל געזאָגט צו ג ד ע ו נ'ען: „זײַ קעניג איבער אונז — דו און דײַן זון און דײַן אײניקל, ווײַל דו האָסט אונז אַרויסגעהאָלפן פון די הענט פון מ ד י ן."

האָט ג ד ע ו ן געזאָגט: „ניט איך וועל איבער אײַך זײַן קעניג, ניט מײַן זון. איך וועל בײַ אײַך נאָר בעטן אײן זאַך: זאָל מיר יעדער אײנער פון אײַך געבן צו אײן גאָלדענעם נאָז-באַנד פון דעם, וואָס ער האָט אָנגערויבט". האָט מען פאַרשפּרײט אַ קלײד און יעדערער האָט אַרײַנגעוואָרפן אַ נאָז-באַנד פון דעם, וואָס ער האָט אָנגערויבט בײַ די מ ד י נ י ם. האָט מען עס אָפּגעוואויגן, איז דאָרט געווען טויזנט זיבן הונדערט פונט גאָלד. האָט ג ד ע ו ן פון דעם גאָלד געמאַכט אַן אָפּגאָט און אַוועקגעשטעלט בײַ זיך אין שטוב. פלעגן די ב נ י - י ש ר א ל נאָכדעם קומען אַהין דינען צו ג ד ע ו נ'ס נעץ. איז ג ד ע ו ן געוואָרן רײַך. און ג ד ע ו ן האָט גע'מ ש פ ט די ב נ י - י ש ר א ל פערציק יאָר.

## 11. אַ ב י מ ל ך (אַווימעלעך).

ג ד ע ו ן האָט געהאַט פיל זין. אײנער פון זײַ האָט געהײסן אַ ב י מ ל ך (אַווימעלעך). די מאַמע זײַנע איז געווען פון דער שטאָט ש כ ם (שכעם). נאָך ג ד ע ו נ'ס טויט האָט אַ ב י מ ל ך געזאָגט צו זײַנע אײגענע אין ש כ ם: „רעדט זיך דורך מיט די אײַנוואוינער פון ש כ ם און פרעגט זײַ: „ווילט איר, אַז אַלע ג ד ע ו נ'ס זין זאָלן הערשן איבער אײַך, אָדער עס זאָל הערשן איבער אײַך בלויז אײנער, וואָס איז אײַערער אַן אײגענער?

האָבן די אײַנוואוינער פון ש כ ם צוגעשטימט, אַ ב י מ ל ך זאָל ווערן דער הערשער איבער זיי. איז אַ ב י מ ל ך אַוועק צו זײַן פאָטערס הויז, האָט געכאַפּט אַלע זײַנע ברידער און זיי דער־הרג׳עט. עס איז נאָר איבערגעבליבן דער קלענסטער פון זיי י ו ת ם (יויסאָם), וועלכער האָט זיך באַהאַלטן.

איז י ו ת ם אַרויף אויף אַ באַרג בײַ דער שטאָט ש כ ם און האָט געזאָגט צו די אײַנוואוינער: „הערט אויס: אַמאָל זײַנען די ביימער געגאַנגען באַשטימען אַ קעניג איבער זיך, האָבן זיי געזאָגט צום אײלבערט־בוים: „קום, קיניג איבער אונז!“ — האָט געזאָגט דער אײלבערט־בוים: „האָב איך דען אויפגעהערט צו ברענגען בוימל, וואָס די מענשן דאַרפן אַזוי נייטיק, איך זאָל גיין האָבן צו טאָן מיט די ביימער?“ — האָבן די ביימער געזאָגט צום פײַגנבוים: „קום דו קיניג איבער אונז!“ — האָט דער פײַגנבוים געענטפערט: „האָב איך דען אויפגעהערט צו טראָגן מײַנע זיסע פרוכט, אַז איך זאָל גיין האָבן צו טאָן מיט די ביימער?“ — האָבן זיי געזאָגט צום ווײַנשטאָק: „קום דו זײַ קיניג איבער אונז!“ — האָט געענטפערט דער ווײַנשטאָק: „האָב איך דען אויפגעהערט צו ברענגען מײַן זיסן ווײַן, וואָס דערפרייט די הערצער פון די מענשן, אַז איך זאָל גיין האָבן צו טאָן מיט די ביימער?“ — האָבן זיי געזאָגט צום דאָרן־בוים: „קום דו זײַ קיניג איבער אונז!“ — האָט זיי געענטפערט דער דאָרן־בוים: „אויב איר ווילט ב א מ ת (בעמעס) מיך מאַכן פאַר אײַער קיניג, קומט און רוט אין מײַן שאָטן; און אויב ניט, זאָל אַרויס אַ פײַער פון דאָרן־בוים און פאַרברענען אײַך“. און איצט זע איך, ווי פײַן איר האָט באַצאָלט מײַן פאָטער ג ד ע ו ן, וועלכער האָט געקעמפט פאַר אײַך און געראַטעוועט אײַך פון מ ד י ן. איר האָט דער־הרג׳ט אַלע זײַנע קינדער און איינעם פון זיי, דעם ערגסטן, געמאַכט פאַר אײַער קיניג, ווײַל ער איז אײַערער אַן אייגענער. איז אויב איר מיינט ערנסט מיט אַ ב י מ ל כ׳ן, פרייט זיך מיט אים, און זאָל ער זיך פרייען מיט אײַך. אָבער אויב איר מיינט ניט ערנסט, זאָל אַרויס אַ פײַער פון אַ ב י מ ל כ׳ן און פאַרברענען די ש כ ם־לײַט,

און זאָל אַרויס אַ פייַער פון די ש כ ם-לייַט און פאַרברענען אַ ב י מ ל כ׳ן. און י ו ת ם איז אַנטלאָפן און באַהאַלטן זיך.

און אַ ב י מ ל ך האָט געהערשט איבער די ב נ י - י ש ר א ל דריי יאָר צייַט. נאָכדעם האָבן די אייַנוואוינער פון ש כ ם זיך צעקריגט מיט אַ ב י מ ל כ׳ן. האָט אַ ב י מ ל ך פאַרזאַמלט זייַנע מענשן און איז אַרויס קעמפן מיט ש כ ם. און ער איז צוגע-גאַנגען צום טורעם פון ש כ ם און האָט אים באַלאַגערט. ווען אַ ב י מ ל ך איז צוגעקומען צום טורעם און געוואָלט פאַרברענען אים, האָט איינע אַ פרוי אַראָפּגעוואָרפן פון טורעם אַ שטיין און צעקלאַפּט אַ ב י מ ל כ׳ן דעם קאָפּ; איז אַ ב י מ ל ך געשטאָרבן.

## 12. י פ ת ח (איפטאָך).

און אין דעם לאַנד ג ל ע ד (גילאָד) האָט געוואוינט אַ העלדי-שער מאַן י פ ת ח (איפטאָך). די ברידער זייַנע האָבן זיך מיט אים צעקריגט און אַרויסגעטריבן אים. איז ער אַוועק אין אַ דערבייַאיק לאַנד, און עס האָבן זיך צו אים צונויפגעקליבן מענשן לייַדיקגייער, וועלכע האָבן מיט אים פאַרבראַכט.

און איינמאָל זייַנען די ב נ י - ע מ ו ן (בניי-אַמוין) אָנגעפאַלן אויף די ב נ י - י ש ר א ל. זייַנען די עלטסטע פון דעם לאַנד ג ל ע ד געגאַנגען צו י פ ת ח׳ן און אים געזאָגט: „קום, ווער אונזער פירער, און לאָמיר גיין מ ל ח מ ה האַלטן מיט ע מ ו ן (אַמוין).

האָט זיי י פ ת ח געזאָגט: „איר האָט דאָך מיך פייַנט, איר האָט דאָך מיך פאַרטריבן פון מייַן פאָטערס הויז, וואָס זשע קומט איר איצט צו מיר, ווען אייַך איז שלעכט?“

האָבן די עלטסטע לייַט אים געזאָגט: „דערפאַר, אויב דו וועסט זיך אומקערן צוריק צו אונז און וועסט מ ל ח מ ה האַלטן מיט ע מ ו ן, וועסטו ווערן בייַ אונז אויף שטענדיק דער עלטסטער און דער פירער אין ג ל ע ד“.

האָט י פ ת ח געשיקט מענשן צום קעניג פון ע מ ו ן און גע-

זאָגט: „ „וואָס האָסטו צו טאָן מיט אונז? וואָס ביסטו געקומען מ ל ח מ ה האַלטן? אָט האָסטו דײַן לאַנד, זײַ דאָרט קעניג און לאָז אונז און אונזער לאַנד צורו". — האָט דער קעניג פון ע מ ו ן זיך ניט צוגעהערט צו די רייד פון י פ ת ח'ן.

האָט י פ ת ח צונויפגערופן די מענשן פון מ נ ש ה (מנאַשע) און איז אַרויסגעטראָטן קעגן ע מ ו ן. און ער האָט אַ נ ד ר (נײַדער) געטאָן און געזאָגט: „ווען איך וועל באַזיגן ע מ ו ן, וועל איך דעם ערשטן, וואָס וועט אַרויס אַנטקעגן מיר פון מײַן הויז, ווען איך וועל זיך אומקערן ב ש ל ו ם, ברענגען פאַר אַ ק ר ב ן." און י פ ת ח האָט מ ל ח מ ה געהאַלטן מיט ע מ ו ן און זיי צעשלאָגן, און ער האָט אונטערטעניק געמאַכט ע מ ו ן צו די ב נ י - י ש ר א ל.

און ווען י פ ת ח איז געקומען צוריק אין זײַן שטאָט, איז זײַן טאָכטער אַרויס אַנטקעגן אים מיט אַ פויק און מיט טענץ; און זי איז בײַ אים געווען אַן איינציקע; ער האָט מער ניט געהאַט ניט קיין זין און ניט קיין טעכטער. ווען י פ ת ח האָט זי דערזען, האָט ער צע־ריסן אויף זיך די קליידער און אויסגעשריען: „אַ, מײַן טאָכטער, דו האָסט מיך אומגליקלאַך געמאַכט! איך האָב געגעבן מײַן וואָרט, און איך מוז עס האַלטן. איך וועל דיך מוזן ברענגען פאַר אַ ק ר ב ן."

האָט אים די טאָכטער געזאָגט: „פאַרפאַלן; טו אַזוי, ווי דו האָסט אַ נ ד ר געטאָן; נאָר לאָז מיך אָפּ אויף צוויי מאָנאַטן, און איך וועל גיין מיט מײַנע פרײַנדנס אויף די בערג און וועל וויינען אויף דעם, וואָס איך דאַרף שטאַרבן אַ יונגע פרוי."

האָט י פ ת ח אָפּגעלאָזן זײַן טאָכטער, און זי איז געגאַנגען מיט אירע פריינדנס אין די בערג. און אין צוויי מאָנאַטן אַרום האָט ער מיט איר געטאָן אַזוי, ווי ער האָט אַ נ ד ר געטאָן.

## 13. ש י מ ש ו נ ס געבורט.

און אַ נײַ פאָלק האָט אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף די ב נ י - י ש ר א ל און אונטערדריקן זיי. דאָס זײַנען געווען די פ ל י ש ת י ם (פליש־

טים). און די פ ל י ש ת י ם האָבן ביסלאַכוויַיז אָנגעהויבן צו הער-שן איבער די ב נ י - י ש ר א ל.

אין יענער צײַט איז געווען אַ מאַן פון ש ב ט ד ן (דאָן) מיט'ן נאָמען מ נ ו ח (מאָנויאַך). האָט אים זיין ווײַב אַ לענגערע צײַט קיין קינדער ניט געהאַט. איז איינמאָל צו מ נ ו ח'ס ווײַב געקומען אַן אומבאַקאַנטער מאַן און געזאָגט: „דו וועסט אין גיכן געבאָרן אַ זון, וועט ער העלפן די ב נ י - י ש ר א ל פון דער האַנט פון די פ ל י ש ת י ם. דו זאָלסט אים ניט שערן די האָר, ווײַל ער וועט זײַן אַן אויסגעטיילטער פון צווישן די אַנדערע. און דו אַליין זאָלסט זיך אָפּהיטן: זאָלסט ניט טרינקען קיין ווײַן און קיין ביר, און זאָלסט ניט עסן קיין אומרייניע זאַכן." האָט מ נ ו ח'ס פרוי דערציילט וועגן דעם איר מאַן. און אין אַ צײַט אַרום האָט זי געבאָרן אַ זון. און זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן ש י מ ש ו ן. און דער אינגל איז אויסגעוואַקסן און איז געוואָרן אַ שטאַרקער און אַ באַגײַסטערטער יונג.

## 14. שימשון האָט ח ת ו נ ה (כאַסענע).

איינמאָל איז ש י מ ש ו ן אַוועק אין אַ דערבײַיאיק דאָרף און האָט דאָרט דערזען אַ פלישתימשע מיידל. זי איז אים גע-פעלן געוואָרן. איז ער געקומען צו זײַנע עלטערן און זיי געבעטן, זיי זאָלן אים נעמען אָט די מיידל פאַר אַ ווײַב.

פרעגן די עלטערן: „איז ווייניק דאָ אידישע מיידלאַך, וואָס דו ווילסט ד ו ו ק א (דאַווקע) ח ת ו נ ה (כאַסענע) האָבן מיט אַ מיידל פון די פלישתים?" אָבער ש י מ ש ו ן איז באַשטאַנען, אַז ער וויל ד ו ו ק א אָט די מיידל פאַר אַ ווײַב.

זײַנען ש י מ ש ו נ ס עלטערן געגאַנגען מיט ש י מ ש ו נ ע ן צו דער מיידלס עלטערן. אויפ'ן וועג איז ש י מ ש ו ן אָפּגעגאַנגען אָן אַ זײַט; און ווען ער איז געווען אַליין, איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ לייב. האָט ש י מ ש ו ן געכאַפּט דעם לייב און האָט אים צעריסן. און ער האָט דעמאָלט וועגן דעם גאָרנישט קיינעם ניט דערציילט,

אפילו די עלטערן זיינע. און זיי זיינען געקומען צו די עלטערן פון דער מיידל און גערעדט מיט זיי און דורכגעקומען מיט זיי. און שימשון האט גערעדט מיט דער מיידל און זי איז אים געפעלן געוואָרן.



שימשון צערייסט דעם לייב.

אין אַ ביסל צייט אַרום איז שימשון געגאַנגען נעמען די מיידל. אויפ'ן וועג האט ער דערזען, אַז אין דעם קערפּער פון דעם לייב, וואָס ער האט דער'ה ר ג'עט, האָבן זיך פאַרפּירט בינען. האט שימשון גענומען פון דעם האָניק, האט דערפון אַליין געגעסן און אויך געגעבן זיינע עלטערן און זיי האָבן געגעסן. און ווען

ש י מ ש ו ן  איז געקומען צו זײַן  כ ל ה  (קאַלע), האָט ער געמאַכט אַ מאָלצײַט, ווײַל אַזוי פּלעגן זיך דעמאָלט פירן די  ב ח ו ר י ם (באָכרים). און פון דער זײַט פון דער מײדל זײַנען געקומען דרײַסיק  ב ח ו ר י ם,  וואָס זײַנען געווען מיט  ש י מ ש ו נ ע ן  די גאַנצע צײַט פון דעם  ח ת ו נ ה - י ו ם - ט ו ב  (יאָמטעוו).

אײנמאָל האָט  ש י מ ש ו ן  געזאָגט צו די  ב ח ו ר י ם : „איך וועל בײַ אײַך פרעגן אַ רעטעניש. וועט איר זי טרעפן אין זיבן טעג, וועל איך אײַך געבן דרײַסיק לײַלאַכער און דרײַסיק פּאָר קלײדער; און וועט איר ניט טרעפן אין די זיבן טעג, וועט איר מיר געבן דרײַסיק לײַלאַכער און דרײַסיק פּאָר קלײדער.“

האָבן די  ב ח ו ר י ם  געזאָגט : „פרעג דײַן רעטעניש.“

האָט  ש י מ ש ו ן  געזאָגט : „וואָס איז דאָס :—פון אַן עסער איז אַרויס אַן עסנזאַך, און פון אַ שטאַרקן איז אַרויס אַ זיסיקײַט.“

האָבן די  ב ח ו ר י ם  ניט געקאָנט טרעפן. האָבן זײ געזאָגט ש י מ ש ו נ ס  װײַב : „רעד איבער  ש י מ ש ו נ ע ן,  ער זאָל דיר אויסזאָגן, וואָס באַטײַט די רעטעניש; אַז ניט, וועלן מיר דיך מיט דײַנע עלטערן פאַרברענען, ווײַל איבער דיר נעמט מען בײַ אונז אָפּ אונזער האָב און גוטס.“

האָט  ש י מ ש ו נ ס  װײַב אָנגעהויבן צו װײנען איבער  ש י מ ש ו נ ע ן,  און זי האָט אים געזאָגט : „דו האָסט מיך ניט ליב; דו האָסט מיך פײַנט. אָט האָסטו געפרעגט אַ רעטעניש בײַ מײַנע לאַנדסלײַט און מיר האָסטו ניט אויסגעזאָגט, וואָס זי באַטײַט.“—האָט איר  ש י מ ש ו ן  געזאָגט : „איך האָב עס מײַן פאָטער און מוטער ניט דערצײלט, וועל איך עס דיר דערצײלן ?“ — האָט  ש י מ ש ו נ ס פרוי די גאַנצע צײַט געװײנט איבער אים, און אַז זי האָט אים זײער שטאַרק דאָקוטשעט, האָט ער איר אויסגעזאָגט די אָנטשײדונג פון דער רעטעניש. איז זי געגאַנגען און האָט עס באַלד איבערגעגעבן אירע לאַנדסלײַט.

און אויפ'ן זיבעטן טאָג פאַר'ן זון-אונטערגאַנג, האָבן די  ב ח ו ר י ם געזאָגט  ש י מ ש ו נ ע ן : „וואָס איז זיסער פון האָניק, און וואָס איז

שטאַרקער פאַר אַ לײַב?" — האָט זי שמשון געזאָגט: „וואָלט איך ניט געאַקערט מיט מײַן בהמה'לע (בהײמעלע), וואָלט איך ניט געטראָפן מײַן רעטעניש."

און ער איז אַוועק און גע'הרג'עט דרײַסיק פון די פלישתים, אויסגעטאָן בײַ זײ זײערע קלײדער און דאָס אָפּגעגעבן די בחורים. און שמשון איז אין כעס געוואָרן און האָט פאַרלאָזן זײַן פרוי און איז צוריק אַוועק אין זײַן פאָטערס הויז. און אַז שמשון איז אַ לענגערע צײַט ניט געקומען, האָבן די עלטערן פון זײַן פרוי אָפּגעגעבן זײער טאָכטער צו אַן אַנדערן פאַר אַ ווײַב.

## 15. שימשון שלאָגט די פלישתים.

אין אַ יאָר אַרום האָט זיך שימשון דערמאָנט אָן זײַן פרוי. האָט ער גענומען מיט זיך אַ ציגעלע, אַ מתנה פאַר איר, און איז אַוועק צו איר. האָט זײַן שווער אים ניט געלאָזט קומען צו זײַן פרוי. ער האָט געזאָגט: „איך האָב געטראַכט, אַז דו האָסט זי פײַנט, אויב דו קומסט ניט צו איר; האָב איך זי אָפּגעגעבן אַן אַנדערן. אָבער אָט איז איר אינגערע שוועסטער, אַ שענערע פון איר; נעם זי אָנשטאָט איר עלטערער שוועסטער." האָט שימשון געזאָגט: „דאָס מאָל וועל איך שוין זײַן ריין, אויב איך וועל שלעכטס טאָן די פלישתים."

איז שימשון אַוועקגעגאַנגען, האָט געפאַנגען דרײַ הונדערט פיקס־לאַך, האָט זײ צונויפגעבונדן פאַרוויַיז פאַר די עקן, האָט אַרײַנגע־שטעקט צווישן די עקן ברענענדיקע שטורקאַצן און אַוועקגעלאָזט די פיקסלאַך צווישן די תבואות (תּוואועס) פון די פלישתים. און ער האָט אַזוי אַרום פאַרברענט די גאַנצע תבואה פון די פלישתים. האָבן זיך די פלישתים נאָכגעפרעגט און דערגאַנגען, אַז דאָס האָט געטאָן שימשון אויס כעס (קאַעס) אויף זײַן שווער, פאַרוואָס יענער האָט זײַן פרוי אַוועקגעגעבן אַן אַנדערן. זײַנען די פלישתים געקומען און פאַרברענט שמשונס ווײַב צוזאַמען מיט איר פאָטער. האָט שימשון געזאָגט: „דערפאַר וועל איך שוין פון אײַך אײנמאָל

נ ק מ ה (נעקאָמע) נעמען.״ און ער איז אָנגעפאַלן אויף די פלישתים און זיי געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס. נאָכדעם איז ער אַוועק און האָט אַרויפגעקלעטערט אויף אַ הויכן פעלז.



שימשון מיט די פיקסלאַך.

דעמאָלט זיינען די פלישתים אָנגעפאַלן אויף דעם ש ב ט (שעיוועט) י ה ו ד ה (יעהודאָ). האָבן די איינוואוינער פון י ה ו ד ה געפרעגט ביי די פלישתים: „פאַרוואָס זייט איר אַהער צו אונז געקומען?“ — האָבן די פלישתים געענטפערט: „מיר ווילן כאַפן שימשונען און טאָן מיט אים אַזוי, ווי ער האָט מיט אונז געטאָן.“

זיינען דריי טויזנט פון די איינוואוינער פון י ה ו ד ה אַרויף צו שימשונען אויפ׳ן פעלז און אים געזאָגט: „דו ווייסט דאָך, אַז די

פלישתים הערשן איבער אונז. פאַרוואָס זשע האָסטו אונז אַזוי אָפּ־געטאָן?" — האָט זײַ שימשון געענטפערט: „ווי זײַ האָבן געהאַנדלט מיט מיר, אַזוי האָב איך געטאָן מיט זײַ." — האָבן די מענשן פון י ה ו ד ה געזאָגט: „מיר זײַנען געקומען בינדן דיך און איבערגעבן דיך אין די הענט פון די פלישתים." — האָט זײַ שימשון געזאָגט: „שווערט מיר, אַז איר אַלײַן וועט מיר קײַן שלעכטס ניט טאָן." — האָבן זײַ אים געזאָגט: „מיר וועלן דיך בלויז בינדן און איבערגעבן די פלישתים." האָבן זײַ אים געבונדן אין צוויי דיקע שטריק און האָבן אים פון פעלז אַראָפּגעבראַכט אין טאָל.

ווען די פלישתים האָבן אים דערזען פון דער ווײַטנס, האָבן זײַ זיך מיט אַ טומל אַ לאָז געטאָן צו אים. האָט זיך שימשון אָנגע־שטרענגט, צעריסן די שטריק, וואָס אויף אים, אַרומגעקוקט זיך און געפונען אַ שאַרבן פון אַן אײזל. און ער האָט זיך מיט דעם געשטעלט אַנטקעגן די פלישתים. און ער האָט זײערער פיל פון זײַ צעשלאָגן.

און שימשון איז געוואָרן אַ ריכטער בײַ די ב נ י - י ש ר א ל, און ער האָט זײַ גע'מ ש פ ט צוואַנציק יאָר.

## 16. שימשון און ד ל י ל ה (דלילע).

אײנמאָל האָט זיך שימשון באַקאַנט מיט אַ פלישתימשער פרוי, מיט'ן נאָמען ד ל י ל ה (דלילע). און ער האָט זי ליב באַקומען און ח ת ו נ ה געהאַט מיט איר.

זײַנען צו ד ל י ל ה'ן געקומען די האַרן פון די פלישתים און איר געזאָגט: „פרעג אויס שימשונען און דערוויס זיך, אין וואָס עס ליגט זײַן קראַפט, און מיט וואָס וואָלטן מיר אים געקאָנט בײַקומען. וועסטו דאָס אויסגעפינען, וועט יעדער אײנער פון אונז דיר געבן טויזנט מיט הונדערט טאָלער."

האָט ד ל י ל ה געפרעגט בײַ שימשונען: „זאָג מיר, אין וואָס ליגט דײַן כ ו ח? און מיט וואָס וואָלט מען דיך געקענט בינדן, אַז דו זאָלסט זיך ניט קענען שטעלן אַנטקעגן?"

האָט איר שימשון געזאָגט: „אַז מ'וועט מיך בינדן אין זיבן

פײַכטע שטריק, װעל איך װערן שװאַך װי אַלע אַנדערע מענשן." האָבן איר די האַרן פֿון די פּלישתים געבראַכט זיבן פײַכטע שטריק, און זי האָט מיט זײ געבונדן שימשונען. און װען ער איז געװען געבונדן, האָט זי אױסגעשריען: „שימשון, די פּלישתים זײַנען געקומען אױף דיר!" — האָט זיך שימשון אַ טרײסל געטאָן און צעריסן די שטריק, װי מען צערײַסט אַ דינעם איבערגעברענטן פֿאָדים.

האָט דלילה געזאָגט שימשונען: „זעסט, דו האָסט גע־שפּאַסט פֿון מיר און געזאָגט מיר ליגן. איצט זאָג מיר באמת (בעעמעס), מיט װאָס מ׳קען דיך בינדן, דו זאָלסט װערן שװאַך." — האָט איר שימשון געזאָגט: „װען מ׳װעט מיך בינדן מיט נײַע דיקע שטריק, מיט װעלכע מ׳האָט נאָך קײן אַרבעט ניט געטאָן, װעל איך װערן שװאַך, װי אַלע אַנדערע מענשן." האָט דלילה אַזױ געטאָן, און װען זי האָט אױסגערופֿען: „שימשון! די פּלישתים זײַנען געקו־מען אױף דיר!" האָט שימשון צעריסן די שטריק װי מ׳צערײַסט אַ דינעם פֿאָדעם.

האָט אים דלילה װידער געזאָגט: „זעסט, דו האָסט פֿון מיר װידער שפּאַס געטריבן און מיר ליגן געזאָגט. זאָג מיר טאַקע דעם אמת, װי אַזױ קענסטו װערן שװאַך." האָט איר שימשון געזאָגט: „װען דו װעסט צובינדן מײַנע זיבן צעפּ צום װעבשטול, װעל איך װערן שװאַך, װי אַלע אַנדערע מענשן." האָט דלילה צוגעהיט, װען שימשון איז געשלאָפֿן, האָט זי צוגעבונדן זײַנע זיבן צעפּ צום דיקן װעבשטול, און זי האָט אױסגעשריען: „שימשון, די פּלישתים זײַנען געקומען אױף דיר!" האָט זיך שימשון אױפֿגעכאַפּט, און מיט זײַנע צעפּ אַרױסגעריסן פֿון אָרט דעם װעבשטול.

דעמאָלט האָט דלילה געזאָגט שימשונען: „איצט זע איך, אַז דו האָסט מיך ניט ליב. אָט האָסטו שױן פֿון מיר דרײַ מאָל שפּאַס געטריבן און האָסט מיר אַלץ ניט אױסגעזאָגט, אין װאָס עס ליגט דײַן קראַפֿט." — און אַזױ האָט זי אים דאָקוטשעט מיט אירע רײד אַ לאַנגע צײַט, ביז זי האָט אים דערעסן צום טױט. האָט ער איר געזאָגט: „איך בין אױסגעטײלט פֿון אַלעמען דערמיט, װאָס פֿון קינדװײַז אױף

האָב איך זיך ניט געשאָרן. ווען מ'וואָלט אָפּגעגאָלט מײַנע האָר, וואָלט פון מיר אַוועק מײַן קראַפט, און איך וואָלט געוואָרן שוואַך, ווי אַלע אַנדערע מענשן."

דאָס מאָל האָט ד ל י ל ה געזען, אַז שימשון האָט פון איר ניט געשפּאַסט. האָט זי גערופן צו זיך די הארן פון די פלישתים און האָט זיי וועגן דעם איבערגעגעבן. זײַנען די האַרן געקומען און געבראַכט מיט זיך דאָס געלט, וואָס זיי האָבן פאַרשפּראָכן. און ד ל י ל ה האָט אײַנגעשלעפערט שימשונען, און זי האָט גערופן אַ מאַן; און יענער האָט אָפּגעשאָרן שימשונען זײַנע זיבן צעפּ. האָט שימשון פאַרלאָרן זײַן קראַפט. און ווען ד ל י ל ה האָט אויסגערופען: „שימשון! די פלישתים זײַנען געקומען אויף דיר!" — האָט זיך שימשון אויפגע־כאַפּט און געוואָלט ווי אַלע מאָל שטעלן זיך אַנטקעגן. אָבער ער האָט מער קיין כ ו ח (קויאַך) ניט געהאַט. האָבן אים די פלישתים גע־כאַפּט, אויסגעשטאָכן אים די אויגן, געבונדן אים אין קייטן און גע־בראַכט אים אין דער שטאָט ע ז ה (אַזאָ); און ער האָט דאָרטן אין אַ טורמע געדאַרפט דרייען מילשטיינער צו מאָלן מעל.



שימשון דרייט די מילשטיינער.

## 17. שימשונס טויט.

און די האַרן פון די פלישתים האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם טעמפּל פון זייער גאָט ד ג ו ן (דאַגוין) צו פייערן אַ י ו ם - ט ו ב צוליב דעם, וואָס זיי האָבן אַריינגעקראַגן אין זייערע הענט זייער פיינט שימשון. און דאָס פאָלק האָט זיך געפרייט, וואָס זייער פיינט, וועלכער האָט וויסט געמאַכט זייער לאַנד און אַ ס ך פון זיי דער׳ה ר ג׳עט, איז איצט אין זייערע הענט.

און ווען זיי זיינען שטאַרק אויפגעלייגט געוואָרן, האָבן זיי געזאָגט: לאָז מען ברענגען שימשונען און זאָל ער אונז פרייליך מאַכן." — האָט מען געבראַכט שימשונען פון טורמע און מ׳האָט אים אַוועקגע-שטעלט צווישן די זיילן פון טעמפּל און מ׳האָט אים געהייסן, ער זאָל מאַכן קונצן און פריילאַך מאַכן דעם ע ו ל ם (אוילאָם).

האָט שימשון געזאָגט צום אינגל, וואָס האָט אים געפירט: „פיר מיך צו צו די זיילן, אויף וועלכע דער טעמפּל איז אָנגעשפּאַרט."—און ביי שימשונען האָבן אָנגעהויבן אָפּצואוואַקסן די האָר, און ער איז ביסלאַכווייז צוריק געוואָרן שטאַרקער. און ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די זיילן, און ער האָט געטראַכט: „לאָמיך איצט נ ק מ ה נעמען פון די פלישתים כאָטש פאַר איינס פון מיינע אויגן, וואָס זיי האָבן מיר אַרויסגענומען. לאָמיך שטאַרבן צוזאַמען מיט די פלישתים."

און ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט זיין גאַנצן כ ו ח אויף די צוויי הויפּט-זיילן, אויף וועלכע דער טעמפּל האָט זיך געהאַלטן, און זיי אומגעוואָרפן. איז איינגעפאַלן דער גאַנצער טעמפּל, און די אַלע, וואָס זיינען געווען אין טעמפּל אָדער אויפ׳ן דאַך פון טעמפּל, זיינען דער׳ה ר ג׳עט געוואָרן, און מיט זיי צוזאַמען איז אויך שימשון דער׳-ה ר ג׳עט געוואָרן.

## 18. ע ל י (עילי).

דער הייליקער אָ ר ו ן, אין וועלכן עס זיינען געלעגן די צוויי ל ו ח ו ת (לוכעס), די צוויי שטיינערנע טאָוולען מיט די צען געבאָט,

איז נאָך אַלץ געווען אין דער שטאָט ש י ל ה (שילע). ער האָט זיך געפונען אין אַ הייליק געצעלט, און די ב נ י - י ש ר א ל פון פאַרשידענע ש ב ט י ם פלעגן קומען אַהין און ברענגען זייערע מ ת נ ו ת (מאַטאָנעס).

און דער עלטסטער כ ו ה ן (קויהען) אין דעם הייליקן געצעלט איז געווען דער אַלטער ע ל י (עילי), אַ פרומער און ערלאַכער מאַן. ער איז אויך געווען דער ריכטער און פלעגט מ ש פ ט'ן די ב נ י - י ש ר א ל.

ע ל י האָט געהאַט צוויי זין. און ווען ער איז אַלט געוואָרן, האָבן זיינע זין געטאָן די אַרבעט אין הייליקן געצעלט. אָבער זיי זיינען זיך באַגאַנגען מיט די באַזוכער זייער שלעכט. זיי פלעגן פון די מ ת נ ו ת צונעמען פאַר זיך מער, איידער זיי האָבן געמעגט נעמען, און זיי פלעגן נאָך דערצו באַליידיקן די באַזוכער, באַזונדערס די פרויען. זיינען די ב נ י - י ש ר א ל געווען אומצופרידן מיט ע ל י'ס זין.

## 19. ש מ ו א ל'ס (שמועלס) געבורט.

און אין שטעטל ר מ ה (ראָמאָ), וואָס אין א פ ר י ם, האָט געוואוינט אַ מאַן — א ל ק נ ה (עלקאָנאָ). האָט א ל ק נ ה גע־האַט צוויי פרויען: ח נ ה (כאַנע) און פ נ י נ ה (פנינע). האָט פ נ י נ ה געהאַט עטלאַכע קינדער, און ח נ ה האָט גאָר קיין קינ־דער ניט געהאַט.

פלעגט פ נ י נ ה זיך רייצן מיט ח נ ה'ן. זי פלעגט זי אָפט פרעגן: „ח נ ה, האָסטו שוין אויפגעניייט דיין זונעלע אַ העמדל? האָסטו שוין אַרומגעוואַשן דיינע קינדערלאַך?“—ח נ ה'ן פלעגט דאָס טאַקע פאַרדריסן און קרענקען.

און א ל ק נ ה פלעגט פיר מאָל אַ יאָר גיין אין ש י ל ה צום הייליקן געצעלט. ער פלעגט דאָרטן ברענגען מ ת נ ו ת די כ ו ה נ י ם און אַליין עסן און טרינקען און פרייען זיך; און ער פלעגט אויך די

פרויען און די קינדער זײַנע געבן צו עסן און צו טרינקען און מ ת נ ו ת אַלערלײַ. און ח נ ה'ן פלעגט ער געבן נאָך שענערע מ ת נ ו ת איידער פ נ י נ ה'ן, ווײַל ער האָט זי ליבער געהאַט. אָבער ח נ ה פלעגט ניט עסן און ניט טרינקען און אַרומגיין אַן אומעטיקע.

און איין מאָל איז ח נ ה אַרײַן אין דעם הייליקן געצעלט, גע־שטאַנען און שטילערהייט געבעטן, זי זאָל האָבן אַ קינד. און זי האָט פאַרשפּראָכן, אַז ווען זי וועט האָבן אַ זון, וועט זי אים ברענגען אַהער און אָפּגעבן אים, ער זאָל באַדינען דעם הייליקן פּלאַץ און דעם כ ו ה ן. און ע ל י האָט באַמערקט, ווי ח נ ה שטייט און שאָקלט זיך און בעט עפּעס שטילערהייט. האָט ער געמיינט, זי איז ש י כ ו ר (שיקער). זאָגט ער איר: „וואָס ביסטו געקומען אַהער אַ ש י כ ו ר'ע? גיי, ניכטער זיך אויס!"

האָט אים ח נ ה געענטפערט: „ניין, מײַן האר! כ'האָב קיין ווײַן ניט געטרונקען; כ'בין ניט ש י כ ו ר, נאָר מײַן לעבן איז מיר ביטער."



ח נ ה ברענגט ש מ ו א ל'ן צו ע ל י'ן.

האָט זי ע ל י געבענטשט און געוואונשן, זי זאָל האָבן, וואָס זי באַגערט. און ח נ ה איז אַוועק מיט איר מאַן צו זיך אַהיים.

און אין אַ יאָר אַרום האָט ח נ ה געבאָרן אַ זון, האָט זי אים אַ נאָמען געגעבן ש מ ו א ל (שמועל). און ווען זי האָט ש מ ו א ל'ן אויפגעהאָדעוועט, האָט זי אים געבראַכט אין ש י ל ה אין הייליקן געצעלט און אים איבערגעגעבן ע ל י'ן. און ש מ ו א ל איז געבליבן ביי ע ל י'ן, און ער פלעגט אים אַרויסהעלפן; און ער האָט זיך גוט באַצויגן צו אַלע מענשן, און אַלע האָבן אים ליב באַקומען.

## 20. ש מ ו א ל ווערט אַ וואָרזאָגער.

ש מ ו א ל האָט געזען, ווי ע ל י'ס זין פירן זיך אויף שלעכט, האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסן, און ער האָט שטענדיק געטראַכט וועגן דעם.

און איינמאָל ביינאַכט איז ש מ ו א ל געלעגן אויף זיין בעטל אין אַ זייטיק צימערל אין הייליקן געצעלט. האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז מען רופט אים: „ש מ ו א ל! ש מ ו א ל!“

האָט ש מ ו א ל געמיינט, אַז דאָס רופט אים ע ל י. איז ער געגאַנגען צו אים און געפרעגט: „האָסטו מיך גערופן, פאָטער?“

האָט אים ע ל י געענטפערט: „ניין, איך האָב דיך ניט גערופן. און ווען סטו נאָך אַמאָל הערן, אַז מען רופט דיך, רוף זיך אָפּ און הער, וואָס מ'וועט דיר זאָגן“.

איז ש מ ו א ל געגאַנגען און זיך צוריקגעלייגט אויף זיין געלעגער און געטראַכט וועגן ע ל י'ס קינדער, ווי שלעכט זיי זיינען. און עס האָט זיך אים ווידער געדוכט, אַז מען רופט אים. „ש מ ו א ל! ש מ ו א ל!“ — האָט ער געענטפערט: „איך הער“.

און עס האָט זיך אים געדוכט, ווי ער הערט, ווי איינער וואָלט אים געזאָגט: „דערפאַר, וואָס ע ל י'ס זין טוען שלעכטס, וועט קומען אַן אומגליק אויף זיי. און אויך אויף ע ל י'ן וועט קומען אַן אומגליק,

ווײַל ער האָט זיך ניט אָנגעבײזערט אויף זײַנע קינדער, ווען זײ האָבן שלעכטס געטאָן."

און ש מ ו א ל איז אײַנגעשלאָפן. און אין דערפרי האָט ע ל י אים געפרעגט: „וואָס האָסטו הײַנט בײַנאַכט געהערט?"

האָט ש מ ו א ל מ ו ר א געהאַט צו דערציילן. אָבער ע ל י האָט אים געזאָגט: „דערצייל מיר אַלץ, מײַן זון, זאָלסט גאָרנישט ניט לײקענען." — האָט אים ש מ ו א ל דערציילט אַלץ, וואָס ער האָט געהערט בײַנאַכט אין שלאָף."

און ש מ ו א ל איז עלטער געוואָרן און איז געוואָרן אַ טרעפער און אַ וואָרזאָגער. און די ב נ י - י ש ר א ל האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם און זײ פלעגן קומען צו אים, און ער איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער מענטש בײַ די ב נ י - י ש ר א ל.

## 21. ע ל י'ס טויט.

אײנמאָל זײַנען די פלישתים אָנגעפאַלן אויף די ב נ י - י ש ר א ל און זײ צעשלאָגן. זײַנען די ב נ י - י ש ר א ל אַנטלאָפן געוואָרן.

האָבן די עלטסטע פון די ב נ י - י ש ר א ל געזאָגט: „לאָמיר נעמען דעם הײליקן אָ ר ו ן מיט זיך, ווען מיר וועלן אַ צווייט מאָל אַרויס קעגן די פלישתים. וועט אונז דער אָ ר ו ן העלפן, און מיר וועלן באַזיגן די פלישתים".

האָבן זײ געשיקט קײַן ש י ל ה נאָכ'ן אָ ר ו ן. און ע ל י'ס צוויי זין האָבן גענומען דעם אָ ר ו ן און זײַנען אַרויס מיט אים אויף מ ל ח מ ה מיט די פלישתים. און ווען דער אָ ר ו ן איז אָנגעקומען, איז אין'ם לאַגער פון די ב נ י - י ש ר א ל געוואָרן אַ גרויסע פרייד: אַלע האָבן געשאַלט און געטאַנצט און געשריען.

האָבן דערהערט די פלישתים, אַז די ב נ י - י ש ר א ל האָבן מיט זיך געבראַכט זייער הײליקן אָ ר ו ן, האָבן זײ זיך דערשראָקן, און זײ האָבן געזאָגט: „ווײ איז אונז, קײנמאָל האָט נאָך אַזוינס ניט פאַסירט. איצט מוזן מיר זיך אָננעמען מיט מוט און קעמפן קעגן די

ב נ י - י ש ר א ל  מיט אַלע קרעפטן; ווײַל אויב ניט, וועלן זײַ אונז באַזיגן, און מיר וועלן דאַרפן ווערן זײַערע קנעכט.״

און די פלישתים האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און מיט אַלע קרעפטן געקעמפט געגן די  ב נ י - י ש ר א ל  און זײַ ווידער צע־שלאָגן און באַזיגט. און בײַדע זין  ע ל י׳ס  זײַנען געפאַלן אויפ׳ן שלאַכט-פעלד. און די פלישתים האָבן געפאַנגען דעם הײַליקן  אָ ר ו ן  און צוגענומען אים צו זיך אין דער שטאָט אַשדויד.

איז אײַנער פון די  ב נ י - י ש ר א ל  געלאָפן און אָנגעזאָגט  ע ל י׳ן  די שלעכטע נײַעס: אַז די  ב נ י - י ש ר א ל  זײַנען צעשלאָגן, אַז זײַנע צוויי זין זײַנען געפאַלן אין שלאַכט, און אַז די פלישתים האָבן גענומען דעם  אָ ר ו ן  געפאַנגען.

ווען  ע ל י  האָט דערהערט, אַז דער  אָ ר ו ן  איז געפאַנגען, איז ער אַראָפּגעפאַלן פון זײַן שטול. האָט זיך צעבראָכן זײַן רוקנבײן, און ער איז געשטאָרבן.



ע ל י  פאַלט טויט.

## 22. דער אָ ר ו ן ביי די פּלישתים.

און די פּלישתים האָבן צוגענומען דעם הייליקן אָ ר ו ן און אים אַוועקגעשטעלט אין דעם טעמפּל פון זייער גאָט דאָגון. און אין אַ צייַט אַרום האָט זיך ביי די פּלישתים פאַרשפּרייט אַ קראַנקהייַט: זיי האָבן זיך באַדעקט מיט קרעץ. האָבן זיי געזאָגט: „דאָס איז דערפאַר, וואָס מיר האָבן געבראַכט צו אונז דעם הייליקן אָ ר ו ן פון די ב נ י - י ש ר א ל." האָבן זיי דעם אָ ר ו ן אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער שטאָט. אָבער אין אַ צייַט אַרום האָט זיך אויך דאָרטן פאַרשפּרייט די זעלבע קראַנקהייַט. האָבן די פּלישתים אָנגעפרעגט זייערע פּריסטער און צויבערלייַט, וואָס זיי זאָלן טאָן. האָבן זיי די פּריסטער געזאָגט: „מ'דאַרף אָפּשיקן דעם אָ ר ו ן. נעמט אַ נייַעם וואָגן און שפּאַנט איין אין אים צוויי יונגע ב ה מ ו ת (בהעימעס) און שטעלט אַרויף דעם אָ ר ו ן אויפ'ן וואָגן; און ביים אָ ר ו ן שטעלט אַוועק אַ קעסטל מיט גאָלדענע מ ת נ ו ת און שיקט אָפּ דעם אָ ר ו ן צו די ב נ י - י ש ר א ל." האָבן די הארן פון די פּלישתים אַזוי געטאָן. און זיי האָבן אָפּגעשיקט דעם אָ ר ו ן צו די ב נ י - י ש ר א ל.

און די אייַנוואוינער פון דעם אידישן שטעטל ב י ת -ש מ ש (בעים-שעמעש) האָבן געהאַלטן אין שנייַדן ווייץ, ווען זיי האָבן פּלוצלונג דערזען, אַז דער הייליקער אָ ר ו ן קומט אָן. האָבן זיי זיך זייער דערפרייט און זיי האָבן אָנגעהויבן טאַנצן אַרום דעם אָ ר ו ן. און זיי האָבן אים אָנגערירט. אָבער דער אָ ר ו ן איז געווען פאַרפּעסטעט. און אַ ס ך פון די אייַנוואוינער פון ב י ת - ש מ ש, וואָס האָבן אָנגערירט דעם אָ ר ו ן, זייַנען קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

דעמאָלט האָבן די אייַנוואוינער פון ב י ת - ש מ ש געבעטן די אייַנוואוינער פון אַ דערבייַאיק שטעטל, זיי זאָלן צונעמען דעם אָ ר ו ן צו זיך. זייַנען יענע געקומען, פאַרזיכטיק צוגענומען דעם אָ ר ו ן און געבראַכט אים אין דעם הויז פון איינעם אַ ב י נ ד ב (אַווינאָדאָוו). און זיי האָבן איינעם פון זייַנע זין באַשטימט פאַר דעם

כ ו ה ן, ער זאָל היטן דעם אָ ר ו ן. און די ב נ י - י ש ר א ל האָבן אָנגעהויבן צו קומען אַהער צום הײליקן אָ ר ו ן און ברענגען מיט זיך מ ת נ ו ת.



דער אָ ר ו ן קערט זיך אום צוריק.

## 23. ש מ ו א ל דער ריכטער.

נאָך ע ל י'ס טויט האָט ש מ ו א ל אָנגעהויבן צו מ ש פ ט'ן די ב נ י - י ש ר א ל. אין פאַרלויף פון יאָר פלעגט ער דורכגײן דאָס גאַנצע לאַנד: און אין יעדן אָרט פלעגן צו אים קומען די ב נ י - י ש ר א ל און ער פלעגט זײ מ ש פ ט'ן. ער האָט אויך גע־האָלפן די ב נ י - י ש ר א ל אין זײער קאַמף מיט די פלישתים, און ער האָט אָפּגענומען בײַ די פלישתים די שטעט, וואָס זײ האָבן פריער געהאַט צוגענומען פון די ב נ י - י ש ר א ל.

און ווען ש מ ו א ל איז עלטער געוואָרן, האָט ער באַשטימט זײַנע צווײ זין פאַר ריכטער בײַ די ב נ י - י ש ר א ל; אָבער זײַנע

זין זײַנען ניט געגאַנגען אין זײַנע װעגן: זײ האָבן זיך געיאָגט נאָך געלט און גענומען  ש ו ח ד  (שװיכאָד).

האָבן זיך די עלטסטע פון די  ב נ י - י ש ר א ל  פאַרזאַמלט און געקומען צו  ש מ ו א ל'ן  און אים געזאָגט: „דו ביסט אַלט געװאָרן, און דײַנע זין גײען ניט אין דײַנע װעגן. באַשטים פאַר אונז אַ קעניג, װאָס זאָל אונז  מ ש פ ט'ן  אַזױ, װי עס פירט זיך בײַ די אַנדערע פעלקער אַרום אונז.“

איז  ש מ ו א ל'ן  שטאַרק ניט געפעלן געװאָרן, װאָס די עלטסטע האָבן בײַ אים געפאָדערט אַ קעניג. האָט ער זײ געזאָגט: „װײסט איר, װאָס הײסט האָבן אַ קעניג? אַזױ װעט זיך פירן אַ קעניג: ער װעט צונעמען אײַערע זין און מאַכן זײ פאַר זײַנע רײַטער, װאָס זאָלן לױפן פאַר זײַן רײַטװאָגן; און ער װעט זײ מאַכן פאַר זײַנע דינער, און זײ װעלן דאַרפן אַקערן פאַר אים און זײען און מאַכן אים געװער. און אײַערע טעכטער װעט ער צונעמען און מאַכן פאַר זײַנע קעכנס און בעקערנס, און אײַערע בעסטע פעלדער און װײַנגערטנער און אַליװן-װעלדלאַך װעט ער צונעמען און אַװעקגעבן זײַנע דינער. און פון אַלץ, װאָס איר פאַרזײט, און פון די פרוכט פון אײַערע װײַנגערטנער װעט ער נעמען אַ צענטל פאַר זיך און פאַר זײַנע דינער; און פון אײַערע אײַנקונפטן װעט ער צונעמען אַ צענטל, און איר אַלײן װעט װערן זײַנע קנעכט. און איר װעט דעמאָלט שרײַען, װײַל עס װעט אײַך שלעכט זײַן פון דעם קעניג, װאָס איר האָט אױסגעקליבן, אָבער עס װעט אײַך שױן נישט העלפן.“

האָט אָבער דאָס פאָלק ניט געװאָלט פאָלגן  ש מ ו א ל'ן  און געזאָגט: „נײן, מיר װילן האָבן אַ קעניג. מיר װילן זײַן װי אַלע אַנדערע פעלקער אַרום אונז. מיר װילן האָבן אַ קעניג, װאָס זאָל אונז  מ ש פ ט'ן  און פירן פאַר אונז אונזערע  מ ל ח מ ו ת  (מילי- כאָמעס).“

## 24. שמואל זאַלבט שאולן (שאָולן) פאַר קעניג.

און עס איז געווען אַ מאַן פון שבט בנימין (ביניאָמין) מיט'ן נאָמען קיש, און ער האָט געהאַט אַ זון, שאול. און צווישן אַלע פון די בני־ישראל איז ניט געווען קיין שענערער יונג פון אים; ער איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלעמען.

און ביי קיש'ן, שאול'ס פאָטער, זיינען אַמאָל פאַרלאָרן געגאַנגען זיינע אייזלטעס. האָט ער געזאָגט צו זיין זון שאול: „נעם מיט זיך איינעם פון אונזערע דינער און גיי זוך אויף די אייזלטעס." איז שאול אומגעגאַנגען אַ טאָג און צוויי און געזוכט און האָט די אייזלטעס ניט געפונען. האָט ער געזאָגט צום דינער, וואָס מיט אים: „קום, לאָמיר זיך אומקערן אַהיים. דער פאָטער האָט אפשר שוין אויפגעהערט צו זאָרגן זיך וועגן די אייזלטעס און זאָרגט זיך וועגן אונז."

האָט אים דער דינער געזאָגט: „דאָ, אין דער שטאָט, וואָס מיר גייען פאַרביי איר, איז פאַראַן אַ הייליקער מאַן, זייער אַן אָנגענומענער און אַ גוטער טרעפער. קום, לאָמיר אַריין צו אים, אפשר וועט ער אונז זאָגן, וואוהין מיר זאָלן גיין."

זאָגט שאול: „אָבער וואָס וועלן מיר ברענגען דעם מאַן פאַר אַ מתנה (מאַטאָנע)? דאָס ברויט ביי אונז אין זעקל איז שוין אויסגעגאַנגען, און קיין אַנדער זאַך האָב איך ניט." האָט דער דינער געזאָגט: „איך האָב ביי זיך אַ פערטל טאַלער, וועל איך דאָס געבן דעם הייליקן מאַן, וועט ער אונז זאָגן, וואוהין מיר זאָלן גיין."

האָט שאול צוגעשטימט, און זיי זיינען אַוועק אין דער שטאָט, וואו עס האָט געוואוינט דער הייליקער מאַן. האָבן זיי באַגעגנט מיידלאַך, וואָס גייען שעפּן וואַסער. פרעגן זיי: „וואו וואוינט דאָ דער טרעפער?" — האָבן די מיידלאַך געענטפערט: „ער איז איצט אין שטאָט. ער האָט היינט איינגעלאַדן געסט צו עסן מיט אים. גייט שנעל, וועט איר אים טרעפן."

זיינען זיי געגאַנגען, און ווען זיי זיינען געווען אין מיטן שטאָט, ערשט שמואל גייט אַרויס אַנטקעגן זיי. איז שאול צוגעגאַנגען

צו אים און געפרעגט: „א פ ש ר ווייסטו, וואו וואוינט דאָ דער טרעפער?"

האָט ש מ ו א ל געענטפערט: „איך בין דאָס דער טרעפער. קום מיט מיר, ועסטו היינט עסן מיט מיר, און מאָרגן אינדערפרי וועל איך דיך אָפּלאָזן אַהיים. און וועגן די אייזלטעס, וואָס זיינען פאַר־לאָרן געגאַנגען מיט דריי טעג צוריק, זאָרג זיך נישט. זיי זיינען שוין לאַנג געפונען געוואָרן. און אויף וועמען קוקט איצט אוים דאָס גאַנצע פאָלק י ש ר א ל? דאָך אויף דיר און אויף דיין פאָטערס הויז־געזינד."

האָט ש א ו ל געזאָגט: „ווער בין איך דען אַזעלכער? איך בין דאָך פון דעם קלענסטן פון אַלע ש ב ט י ם, און מיין מ ש פ ח ה (מישפּאָכע) איז די אינגסטע פון אַלע מ ש פ ח ו ת פון דעם ש ב ט. טאָ פאַרוואָס רעדסטו צו מיר אַזוי?

האָט ש מ ו א ל גענומען ש א ו ל'ן און זיין דינער און געבראַכט זיי צו זיך אין הויז און געמאַכט פאַר זיי אַ פּלאַץ אויבן אָן צווישן די געסט, וואָס ער האָט איינגעלאַדן. און ש א ו ל האָט געגעסן ביי ש מ ו א ל'ן; און נאָכ'ן עסן האָט ש מ ו א ל אַרויפגעבראַכט ש א ו ל'ן אויפ'ן דאַך פון הויז און דורכגעשמועסט זיך מיט אים. און אויף מאָרגן אינדערפרי האָט ש מ ו א ל גענומען ש א ו ל'ן מיט זיין יונג און זיי זיינען אַרוים אויפ'ן גאַס. און ווען זיי זיינען געווען ביים עק שטאָט, האָט ש מ ו א ל געהייסן דעם יונג גיין פאָרוים און אַליין איז ער גע־בליבן מיט ש א ו ל'ן. און ער האָט אַרויסגענומען אַ קריגל מיט בוימל און אַרויפגעגאָסן ש א ו ל'ן אויפ'ן קאָפּ, האָט אים אַ קוש געטאָן און געזאָגט: „דו ווערסט דערמיט געזאַלבט פאַר אַ האַר איבער די ב נ י־י ש ר א ל."

און ווען ש א ו ל איז אַוועק פון ש מ ו א ל'ן, האָט ער דערפילט, ווי ער וואָלט געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענש. און ער איז געגאַנגען און האָט באַגעגנט אַ קאָמפּאַניע יונגע נ ב י א י ם (נעוויאים). איז ער אויך באַגייסטערט געוואָרן און האָט מיט זיי צוזאַמען אָנגעהויבן נ ב י א ו ת צו זאָגן. האָט דאָס פאָלק אַרום געוואונדערט זיך און

געפרעגט: „וואָס איז דאָס געוואָרן מיט קישס זון? איז אויך שאול צווישן די נביאים?“



שמואל זאַלבט שאול'ן פאַר קעניג.

## 25. שאול ווערט קעניג.

און שמואל האָט צונויפגערופן דאָס פאָלק און האָט זיי געזאָגט: „איר ווילט דווקא (דאַווקע), מען זאָל פאַר אייך באַשטימען אַ קעניג, האָב איך פאַר אייך אַ קעניג. דאָס איז שאול, דער זון פון קיש.“

האָט מען לאַנג געזוכט שאול'ן און ניט געפונען, ווייל ער האָט זיך באַהאַלטן צווישן די כלים (קיילים), מיט וועלכע ער האָט באַאַרבעט די ערד. צום סוף האָט מען אים געפונען און געבראַכט און אַוועקגעשטעלט פאַר דעם פאָלק. און ער איז געווען העכער פאַר אַלעמען אין פאָלק מיט אַ גאַנצן קאָפּ. האָט שמואל געזאָגט: „איר זעט אָט דעם אויסדערוויילטן? עס איז נישטאָ זיין גלייכן אין גאַנצן פאָלק.“

האָט דאָס פאָלק זיך געפרייט און אויסגעשריען: „זאָל לעבן דער קעניג!“

און ש מ ו א ל האָט דערציילט דעם פאָלק וועגן די רעכט פון דעם קעניג, און ער האָט דאָס פאַרשריבן אין אַ בוך. און ער האָט



ש מ ו א ל שטעלט פאָר ש א ו ל'ן פאר די ב נ י - י ש ר א ל.

דאָס פאָלק אַוועקגעשיקט אַהיים. און ש א ו ל איז אויך אַוועק צו זיך אַהיים אין'ם שטעטל ג ב ע ה (גיוואַ). און מיט אים זיינען מיטגע- גאַנגען אַ ס ך העלדישע יונגען. אָבער עס זיינען אויך געווען אַנ- דערע מענשן, וועלכע האָבן געזאָגט: „וואָס קען אונז אָט דער העלפן? ער איז אָרים, און שטאַמען שטאַמט ער פון אַ קליינער מ ש פ ח ה און פון אַ קליינעם ש ב ט.“—האָבן זיי אים פאַר'מ י א ו ס'ט און ניט געבראַכט אים קיין געשאַנקען. אָבער ש א ו ל האָט זיך געמאַכט דער- פון ניט ווויסנדיק.

## 26. שאול באַפרייט די שטאָט יביש (יאָוועש).

און נחש (נאַכאַש) דער קעניג פון עמון (אַמוין) איז אָנ־געפאַלן אויף דער שטאָט יביש פון די בני־ישראל. האָבן די איינוואוינער פון יביש געשיקט זאָגן נחש'ן: „לאָמיר מאַכן אַ בונד און מיר וועלן דיך דינען.״ — האָט זיי נחש געזאָגט: „איך וועל מיט אייך שליסן אַ בונד, אויב איר וועט זיך לאָזן אויסשטעכן יעדן איינעם פון אייך אייער רעכט אויג. און איך וועל אַזוי אַרום באַדעקן מיט שאַנד די בני־ישראל.״

האָבן אים די עלטסטע פון יביש געזאָגט: „לאָז אונז אָפּ זיבן טעג, און נאָכדעם וועלן מיר דיר ענטפערן.״

און די איינוואוינער פון יביש האָבן צעשיקט זייערע מענשן איבער'ן לאַנד פון די בני־ישראל צו לאָזן וויסן וועגן זייער אומגליק. זיינען אייניקע פון זיי געקומען אין דער שטאָט גבעה און דערציילט פאַר'ן פאָלק, וואָס פאַר אַן אומגליק עס דערוואַרט זיי. האָט דאָס פאָלק געהערט און געוויינט. און דערווייל איז אָנגעקומען שאול: ער איז געקומען מיט זיינע אָקסן פון פעלד. האָט ער געפרעגט



שאול קומט פון פעלד.

ביים פאָלק: „וואָס ווײַנט איר?" האָבן זיי אים איבערגעגעבן, וואָס די מענשן פון י ב י ש האָבן זיי דערציילט.

איז ש א ו ל געוואָרן אויפגעקאָכט. האָט ער גענומען זײַנע פּאָר אָקסן און צעשניטן זיי אויף שטיקער און דורך זײַנע מענשן צעשיקט איבער אַלע טיילן פון דעם לאַנד. און ער האָט מיט זיי אָנגעזאָגט: „די אַלע, וואָס וועלן נישט קומען צו ש א ו ל'ן און ש מ ו א ל'ן, וועל א', מיט זייערע אָקסן טאָן אַזוי, ווי איך האָב געטאָן מיט מײַן פּאָר אָקסן.

איז אויף די ב נ י - י ש ר א ל אָנגעפאַלן אַ שרעק, און זיי זײַנען אַלע ווי איין מענש געקומען צו ש א ו ל'ן.

האָט זיי שאול איבערגעציילט און אײַנגעטיילט אין דרײַ אָפּטיילונגען. און דורך דער נאַכט איז ער געגאַנגען, איז אָנגעפאַלן אויף די ב נ י - ע מ ו ן פון דרײַ זײַטן און זיי צעשלאָגן און באַפרײַט די אײַנוואוינער פון י ב י ש. דאַמאָלסט האָט דאָס פאָלק געזאָגט צו ש מ ו א ל'ן: „אויב עס איז פאַראַן ווער עס איז, וואָס וויל ניט, אַז ש א ו ל זאָל זײַן אונזער קעניג, לאָמיר אָט די מענשן נעמען און זיי טייטן."

האָט אָבער ש א ו ל ניט דערלאָזן און געזאָגט: „הײַנט, ווען דאָס פאָלק איז געהאָלפן געוואָרן, זאָל קיינער ניט געטויט ווערן." און ש מ ו א ל האָט געזאָגט צום פאָלק: „אין זיבן טעג אַרום קומט צוגייין אינ'ם שטעטל גילגל, און מיר וועלן דאָרטן באַנײַען די מ ל ו כ ה (מלוכע)."

## 27. ש א ו ל דערצאָרנט ש מ ו א ל'ן.

און ש א ו ל האָט זיך אויסגעקליבן דרײַ טויזנט מאַן פון די ב נ י - י ש ר א ל; זײַנען צוויי טויזנט פון זיי געווען מיט אים און טויזנט מיט זײַן זון י ו נ ת ן (יווינאָסאָן). און אַלע אַנדערע פון פאָלק האָט ער צעשיקט אַהיים.

און י ו נ ת ן האָט געטויט דעם אויפּפּאַסער, וואָס די פּלישתּים האָבן געהאַט אינ'ם שטעטל ג ב ע ה. האָט ש א ו ל געהייסן בלאָזן אין

ש ו פ ר (שויפער) צו לאָזן וויסן וועגן דעם דעם גאַנצן פאָלק. און ווען די ב נ י - י ש ר א ל האָבן דערהערט, אַז ש א ו ל האָט ווידער־געשפעניקט געגן די פלישתים, זײַנען זיי געקומען צו ש א ו ל'ן אין גילגל. און די פלישתים האָבן צונויפגעקליבן דרײַסיק טויזנט רײַט־וועגן מיט רײַטער און מענשן אַזוי פיל, ווי זאַמד אויפ'ן ברעג פון ים, און זיי זײַנען אַרויסגעטראָטן קעגן די ב נ י - י ש ר א ל. און פון אַלע עקן לאַנד און פון אויף יענער זײַט י ר ד ן (יאַרדן) זײַנען די ב נ י - י ש ר א ל געקומען צו ש א ו ל'ן.

און ש א ו ל האָט געוואַרט ביז די זיבן טעג, וואָס ש מ ו א ל האָט אים געהייסן וואַרטן אין גילגל. אָבער ש מ ו א ל איז ניט געקומען. האָט דאָס פאָלק זיך ביסלאַכווײַז אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוגיין. איז ש א ו ל געוואָרן אומגעדולדיק און האָט געהייסן ברענגען צו אים דעם ק ר ב ן (קאָרבן), וואָס מען פלעגט געוויינלאַך ברענגען פאַר'ן אָנהייב פון אַ מ ל ח מ ה. און ער האָט ניט געוואַרט אויף ש מ ו א ל'ן און האָט אַליין געבראַכט דעם ק ר ב ן.

אָבער ווי נאָר ער האָט געבראַכט דעם ק ר ב ן, ערשט ש מ ו א ל קומט אָן. איז ש א ו ל אַרויס אַנטקעגן אים באַגריסן אים. אָבער ש מ ו א ל האָט אים געפרעגט: „וואָס האָסטו דאָס געטאָן? פאַר־וואָס האָסטו ניט געוואַרט אויף מיר?"

האָט ש א ו ל געזאָגט: „איך האָב געזען, אַז דאָס פאָלק צעגייט זיך, און דו ביסט צו דער באַשטימטער צײַט ניט געקומען; און די פלישתים האָבן זיך פאַרזאַמלט. האָב איך געטראַכט: „אַט וועלן נאָך די פלישתים צוקומען אַהער אין גילגל, און דאָ איז נאָך דער ק ר ב ן (קאָרבן) ניט געבראַכט", — האָב איך זיך מער ניט געקענט אײַנהאַלטן און כ'האָב געבראַכט דעם ק ר ב ן.

האָט ש מ ו א ל געזאָגט ש א ו ל'ן: „דו האָסט זיך באַנאַרישט, וואָס דו האָסט מיך ניט געפאָלגט. וואָלסטו מיך יאָ געפאָלגט, וואָלסטו און דײַן הויז־געזינד געקיניגט איבער י ש ר א ל אויף אייביק. און איצט וועט דײַן קיניגן דויערן נישט לאַנג."

און ש מ ו א ל האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק פון גילגל.

# 28. שאול און יונתן צעשלאָגן די פלישתים.



יונתן און זיין געווער־טרעגער קריכן אַראָפּ צו די פלישתים.

און יונתן, שאול'ס זון, האָט געזאָגט צו זײַן געווער־טרעגער: „קום, לאָמיר אַריבער אין דעם לאַגער פון די פלישתים." — און דעם פאָטער זײַנעם האָט ער פון דעם ניט דערציילט. זײַנען זיי געגאַנגען. האָט יונתן געזאָגט: „מיר וועלן מאַכן אַזאַ סימן (סימען): אויב די פלישתים וועלן אונז זאָגן: „וואַרט, ביז וואַנען מיר וועלן קו־מען צו אײַך," וועלן מיר בלײַבן שטיין און ניט גיין צו זיי. און אויב זיי וועלן זאָגן: „קומט נאָר אַהער צו אונז", — וועלן מיר טאקע גיין און מיר וועלן זיי צעשלאָגן."

און ווען די פלישתים האָבן זײ דערזען, האָבן זײ געזאָגט: „אָט איז װער פון די בני־ישראל. זײ זײַנען אַרױסגעקראָכן פון די לעכער, וואו זײ האָבן זיך באַהאַלטן.“ — און זײ האָבן אױסגעשריען פון דערווײַטנס: „קומט נאָר אַהער, װעלן מיר אײַך שוין אָנלערנען!“

האָט יונתן געזאָגט צו זײַן געװער־טרעגער: „קום, מיר װעלן זײ צעשלאָגן.“ און זײ זײַנען געקראָכן אױף אַלע פיר און זײַנען צוגעקומען צו דעם לאַגער פון די פלישתים. און האָבן אָנגעהױבן צו שלאָגן די פלישתים. האָבן יענע געמײנט, אַז אַ גאַנצע מחנה (מאַכנע) פון ישראל איז אױף זײ אָנגעפאַלן. האָבן זײ זיך דער־שראָקן און אָנגעהױבן אַנטלױפן.

האָבן שאול׳ס װעכטער דערזען, אַז די פלישתים לױפן אַרום צע־טומלטע. האָבן זײ דאָס איבערגעגעבן שאול׳ן. האָט שאול געהײסן איבערצײלן אַלעמען און זען, װער עס פעלט. האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז עס פעלט יונתן און זײַן געװער־טרעגער.

האָט שאול געהײסן די אַלע, װאָס זײַנען געװען מיט אים, זײ זאָלן זיך מאַכן גרײט און אָנפאַלן אױף די פלישתים. און װען די בני־ישראל זײַנען אָנגעפאַלן אױף די פלישתים, זײַנען יענע אינגאַנצן צעטומלט געװאָרן און האָבן אָנגעהױבן לױפן אין אַלע זײַטן. און די בני־ישראל האָבן זײ נאָכגעיאָגט. און װען די בני־ישראל, װאָס זײַנען געװען איבער׳ן לאַנד אױסבאַהאַלטן פאַר די פלישתים, האָבן דערהערט, אַז די פלישתים זײַנען צעשלאָגן, זײַנען זײ אַרױס פון זײערע באַהעלטענישן און געהאָלפן נאָכיאָגן זײ.

און שאול האָט געזאָגט: „קײנער זאָל גאָרנישט הײַנט אין מױל ניט נעמען און ניט פאַרנעמען אױף עסן די צײַט, װאָס איז אַזױ װיכטיק אױף נאָכיאָגן די פלישתים. האָט קײנער פון שאול׳ס מענטשן גאָרנישט פאַרזוכט דעם גאַנצן טאָג. אָבער יונתן האָט פון זײַן פאָטערס באַפעל ניט געהערט; און װען ער איז געקומען אין װאַלד, האָט ער דאָרט געפונען אַ בינשטאָק מיט האָניק. האָט ער אײַנגע־טונקט זײַן שטעקן אין האָניק און זיך דערפרישט דערמיט. האָט אײנער געזאָגט יונתן׳ען, אַז זײַן פאָטער האָט פאַרבאָטן אינגאַנצן

הײַנט צו עסן. האָט זיך י ו נ ת ן געוואונדערט און געזאָגט: „מײַן פּאָטער האָט אונז אומגליקלאַך געמאַכט. ווען דאָס פאָלק וואָלט גע־געסן, וואָלט עס דאָך מער כ ו ח (קויאַך) געהאַט צו שלאָגן זײַנע פײַנט“.

און ווען ש א ו ל האָט זיך דערוואוסט, אַז י ו נ ת ן האָט ניט אויסגעפאָלגט זײַן באַפעל און געגעסן דעם טאָג, האָט ער געזאָגט: „עס מאַכט נישט אויס, וואָס דאָס איז י ו נ ת ן מײַן זון; אָבער ער האָט ניט געפאָלגט מײַן וואָרט, ניט געהאַלטן די ש ב ו ע ה, מיט וועלכער איך האָב באַשוואוירן אַלע אונזערע מענשן. ער מוז שטאַרבן.“

אָבער דאָס פאָלק האָט געזאָגט: „זאָל י ו נ ת ן שטאַרבן? איבער אים זײַנען מיר דאָך הײַנט געהאָלפן געוואָרן. מיר וועלן אים נישט לאָזן טײטן. א פ י ל ו קײַן אײן האָר פון זײַן קאָפּ וועלן מיר ניט לאָזן פאַלן.“ און זײ האָבן געראַטעוועט י ו נ ת נ׳ען פון שטראָף.

נאָכדעם איז ש א ו ל אַוועק צו זיך אַהײם, און די מ ל ו כ ה איז פאַרפעסטיקט געוואָרן אין זײַנע הענט. און די גאַנצע צײַט פון זײַן קעניגן, האָט ש א ו ל געפירט קריג מיט די פלישתים.

און ש א ו ל האָט באַשטימט פאַר דעם אָנפירער פון זײַן ח י י ל (כאַיל) זײַן שוועסטער־קינד אַ ב נ ר (אַוונער).

## 29. ש א ו ל און ע מ ל ק (אַמאָלעק).

אײנמאָל איז ש מ ו א ל געקומען צו ש א ו ל׳ן און האָט אים גע־זאָגט: „ווען די ב נ י - י ש ר א ל זײַנען אַרויס פון מ צ ר י ם, איז ע מ ל ק געווען דער ערשטער אָנצופאַלן אויף זײ; און פון דע־מאָלט אָן איז ער פאַרבליבן אַ פײַנט פון די ב נ י - י ש ר א ל. איצט גײ און צעשלאָג ע מ ל ק און פאַרוויסט זײַן לאַנד. זאָלסט קײנעם פון זײ ניט איבערלאָזן — קײַן מאַן, קײַן פרוי, קײַן קינד. זאָלסט פאַר־ניכטן בײַ זײ אַלץ — פון אַן אָקס ביז אַ שעפּס, פון אַ קעמל ביז אַן אײזל.“

האָט ש א ו ל צונויפגערופן דאָס פאָלק און איז געגאַנגען און צע־

שלאָגן  ע מ ל ק. ער האָט פאַרניכטעט דאָס גאַנצע פאָלק פון  ע מ ל ק; נאָר דעם קעניג זייערן,  אַ ג ג ן  (אַגאָגן), האָט ער געכאַפּט אַ לעבע־דיקן, און ער האָט אויף אים  ר ח מ נ ו ת  (ראַכמאָנעס) געקראָגן, און אויך אויף די בעסטע פון די שעפּסן און רינדער און אויף אַנדערע גוטע זאַכן, וואָס ער האָט דאָרט געפונען; און ער האָט דאָס ניט פאַר־וויסט, נאָר מיט זיך מיטגענומען, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים.

אויף מאָרגן איז  ש מ ו א ל  געקומען צו  ש א ו ל'ן.  האָט אים  ש א ו ל  באַגעגנט, באַגריסט און געזאָגט: „איך האָב דורכגעפירט, וואָס דו האָסט מיר געהייסן."

האָט  ש מ ו א ל  געפרעגט: „און וואָס הער איך עפּעס פאַר אַ  ק ו ל  פון שעפּסן און רינדער?"

האָט  ש א ו ל  געענטפערט: „דאָס האָב איך געבראַכט פון  ע מ ל ק. דאָס פאָלק האָט זיך דערבאַרימט אויף די בעסערע שעפּסן און רינדער און האָט זיי געבראַכט מיט זיך.  דאָס איבעריקע האָבן מיר פאַרוויסט. אויך  אַ ג ג'ן, דעם קעניג פון  ע מ ל ק,  האָב איך געבראַכט מיט זיך, און דאָס גאַנצע פאָלק פון  ע מ ל ק  האָב איך פאַרניכטעט."

האָט  ש מ ו א ל  געזאָגט צו  ש א ו ל'ן: „דו האָסט זיך שטאַרק באַנאַרישט.  דו האָסט זיך געאײַלט נעמען רויב פון דעם פּײַנט, און דו האָסט ניט געפאָלגט, וואָס מען האָט דיר געהייסן."

האָט  ש א ו ל  געזאָגט  ש מ ו א ל'ן: „פאַרגיב מיר.  איך האָב גע־זינדיקט קעגן דיר.  בלײַב דאָ מיט מיר, און זאָל דאָס פאָלק זען, אַז דו ביסט ניט קעגן מיר."

האָט  ש מ ו א ל  געזאָגט: ניין, איך וועל בײַ דיר ניט פאַר־בלײַבן.  דו האָסט ניט אויסגעפאָלגט, וואָס מען האָט דיר געזאָגט, און דו פּאַסט ניט צו זײַן קעניג אין  י ש ר א ל." און ער האָט זיך אויס־געדרייט און געוואָלט אַוועקגיין.  האָט  ש א ו ל  אים אָנגעכאַפּט פאַר זײַן מאַנטל און צעריסן אים...  האָט  ש מ ו א ל  געזאָגט: „אַזוי וועט דײַן קעניגרײַך אָפּגעריסן ווערן פון דיר און אָפּגעגעבן ווערן צו אײנעם, וואָס איז בעסער פון דיר."



ש א ו ל צערייסט ש מ ו א ל'ס מאַנטל.

האָט ש א ו ל געזאָגט: „אָבער פאַר די עלטסטע פון פאָלק און פאַר דעם גאַנצן פאָלק האַלט מיך ערלאַך און קום מיט מיר.“

איז ש מ ו א ל געגאַנגען מיט ש א ו ל'ן; און ער האָט געהייסן און מען האָט געבראַכט אַ ג ג'ן. און ש מ ו א ל האָט געזאָגט צו אַ ג ג ן: „דיין שווערד האָט אַ סך מאַמעס אומגליקלאַך געמאַכט. איצט וועט דיין מאַמע פאַראומגליקט ווערן.“ — און ער האָט דער־ה ר ג'עט אַ ג ג'ן פאַר אַלעמען אין די אויגן.

און ש א ו ל איז אַוועק צו זיך אַהיים. און ש מ ו א ל איז אַוועק אין זיין שטאָט, און ער האָט שוין מער ניט געזען ש א ו ל'ן ביז זיין טויט; און אים האָט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט געמאַכט ש א ו ל'ן פאַר קעניג איבער די ב נ י ־ י ש ר א ל.

## 30. ש מ ו א ל זאַלבט ד ו ד'ן (דאָווידן).

נאָך דער דאָזיקער פאַסירונג איז ש א ו ל זייער אומעטיק געוואָרן, און פון צייט צו צייט פלעגט ער האָבן שלעכטע זעאונגען. האָבן זיינע

דינער אים געזאָגט: „ערלויב אונז, אונזער האַר, וועלן מיר געפינען פאַר דיר אַ מאַן, וואָס קען שפּילן אויף דער האַרפע. און אַז דיר וועט אומעטיק ווערן, וועט ער שפּילן פאַר דיר אויף דער האַרפע, און דיר וועט בעסער ווערן. האָט שאול זיי געזאָגט: „גייט, געפינט אַזאַ מאַן, וואָס קאָן גוט שפּילן, און ברענגט אים אַהער."

האָט איינער פון זיינע יונגען געזאָגט: „איך האָב ביי ישי (אישאַי) פון בית־לחם (ביים־לעכעם) געזען איינעם אַ זון, זייער אַ שיינעם און אַ פאַרשטענדלאַכן, און ער קען שפּילן אויף דער האַרפע. זיין נאָמען איז דוד (דאָוויד)."

האָט שאול געשיקט שלוחים צו ישי'ן, און געבעטן, ער זאָל אים צושיקן דוד'ן. האָט ישי מיטגעגעבן דוד'ן מתנות פאַר דעם קעניג און האָט אים צוגעשיקט צו שאול'ן. איז דוד זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן שאול'ן, און שאול האָט אים איבערגעלאָזן ביי זיך. פלעגט דוד אַ צייט זיין ביי שאול'ן, און אויף אַ צייט פלעגט ער זיך אומקערן אַהיים צו פיטערן זיין פאָטערס שאָף. און אַז שאול'ן



דוד שפּילט פאַר שאול'ן.

פלעגט ווערן אומעטיק, פלעגט ד ו ד נעמען זײַן האַרפע אין האַנט און שפּילן. פלעגט ש א ו ל'ן בעסער ווערן, און ער פלעגט פריילאַכער ווערן, און עס פלעגט זיך פון אים אָפּטאָן זײַן שווער געמיט.

און ש מ ו א ל האָט געהערט וועגן ד ו ד'ן. איז ער אַוועק אין ב י ת - ל ח ם. ער האָט מיט זיך מיטגענומען אַ קאַלב, האָט זי דאָרט געקוילעט, געמאַכט אַ מאָלצײַט און אײַנגעלאַדן די עלטסטע פון דער שטאָט און אויך י ש י'ן (אישען) און זײַנע זין.

בײַם מאָלצײַט האָט ער זיך דורכגערעדט מיט אַלע קינדער י ש י'ס, אָבער זיי זײַנען אים ניט געפעלן געוואָרן. האָט ש מ ו א ל געפרעגט י ש י'ן: „זײַנען דאָס אַלע דײַנע קינדער, צי דו האָסט נאָך?" האָט י ש י געענטפערט: „איך האָב נאָך איינעם, דעם אינגסטן, ד ו ד'ן, איז ער אין פעלד און פיטערט די שאָף."



ש מ ו א ל זאַלבט ד ו ד'ן.

האָט ש מ ו א ל געזאָגט: „שיק און ברענג אים, ווײַל איך קען ניט אַוועק פון דאַנען ביז ער וועט נישט קומען." — האָט י ש י גע-

שיקט און האָט אים געבראַכט. און ד ו ד איז געווען אַ פײַנער יונג מיט שײַנע ליכטיקע אויגן. האָט ש מ ו א ל אים באַטראַכט, האָט אַרויסגענומען אַ קריגל מיט בוימל און האָט אים געזאַלבט. און נאָכ־דעם האָט זיך ש מ ו א ל אויפגעהויבן און איז אַוועק צוריק אַהיים.

און פון יענעם טאָג אָן האָט זיך ד ו ד געפילט נאָך מוטיקער און קרעפטיקער ווי פריער.

## 31. ד ו ד דער גוטער פאַסטוך.

ד ו ד איז געווען זייער אַ גוטער פאַסטוך. ער פלעגט פיטערן זײַנע סטאַדעס שאָף אַזוי אויסגערעכנט, אַז יעדערער פון זיי זאָל אָנ־קומען אַזאַ שפּײַז, ווי פאַר איר איז בעסער און געזינטער.

צום אַלעם ערשטן פלעגט ער אַרויספירן גאָר די אינגסטע, אָנציי־ניקע שעפעלאַך, זיי זאָלן אָפּעסן דאָס אויבערשטע פון גראָז, וואָס איז אָם ווייכסטן און אָם גרינגסטן צו קײַען. דערנאָך — די אַלטע שוואַכ־צייניקע שעפסן, זיי זאָלן געניסן פון דער מיט גראָז, וואָס איז נאָך אויך געניג ווייך. און צום אַלעם לעצטן—די דערוואַקסענע יונגע שאָף, וואָס קאָנען מיט זייערע פעסטע ציין גוט קײַען און קאָנען פאַרדײַען אויך דאָס אונטערשטע האַרטע גראָז, וואָס נאָענט בײַם וואָרצל.

דערפאַר איז ד ו ד שפּעטער אויך געוואָרן אַ גוטער קעניג, אַ גוטער פאַסטוך בײַ דעם פאָלק י ש ר א ל.

## 32. ד ו ד און ג ל י ת (גאָליעס).

איינמאָל האָבן די פלישתים צונויפגעקליבן זייערע אַרמייען און אַרויס קעגן די ב נ י - י ש ר א ל אויף מ ל ח מ ה. און ש א ו ל האָט צונויפגעקליבן די ב נ י - י ש ר א ל און איז אַרויס קעגן די פלישתים. זײַנען די פלישתים געשטאַנען אויף איין באַרג און די ב נ י - י ש ר א ל אויף אַ צווייטן באַרג אַנטקעגן זיי.

איז פון דעם לאַגער פון די פלישתים אַרויס אַ מאַן מיט דעם נאָ־מען ג ל י ת. ער איז געווען איבער זעקס איילן די הייך, האָט גע־

טראָגן אַ בראָנזן היטל אויפ׳ן קאָפּ און אַ בראָנזענעם פּאַנציר אויפ׳ן לייַב, און זייַן שווערד איז געווען פון אייַזן און האָט געוואויגן זעקס הונדערט פונט.

און גליית האָט זיך אַוועקגעשטעלט און אויסגערופן צו די בני־ישראל: „צוליב וואָס זאָלט איר גייִן אויף מלחמה? אָט בין איך פון די פּלישתים, און איר קלייַבט אויס איינעם פון זיך: זאָל ער קומען אַהער, און מיר וועלן זיך שלאָגן צווישן זיך. וועט ער מיך דערהרג׳ענען, וועלן מיר זייַן אייַערע קנעכט; און אויב איך וועל אים בייַקומען, וועט איר זייַן אונזערע קנעכט.״ און ער האָט צוגעגעבן: „אָט, פאַר אַלעמען אין די אויגן, רוף איך אייַך אַרויס. גיט איינעם פון אייַך, וואָס זאָל זיך מיט מיר שלאָגן.״

האָט שאול און די בני־ישראל אַלע דערהערט אָט די רייד, און זיי זייַנען פאַרציטערט געוואָרן. האָט שאול געלאָזט אויסרופן און פרעגן, צי וואָלט ווער געוואָלט גייִן שלאָגן זיך מיט דעם פּלישתי; אָבער קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן.

און מיט שאול׳ן האָבן זיך אויך געפונען ישי׳ס דרייַ זין. און דוד איז דעמאָלט געווען בייַ זייַן פאָטער און געפּיטערט זייַנע שעפּסן. האָט ישי גערופן דוד׳ן און געזאָגט: „נעם דיר מיט צען לעב־לאַך ברויט און טראָג אַוועק דייַנע ברידער, וואָס אויף דער מלחמה; און צען גאָמלקעס נעם און ברענג דאָס אַ מתנה זייער אָפיצער. און דו וועסט זען, וואָס דייַנע ברידער מאַכן.״

האָט דוד איבערגעלאָזן די שעפּסן אויף אַ וועכטער און איז געגאַנגען צו זייַנע ברידער, אַזוי ווי זייַן פאָטער ישי האָט אים געהייסן. און ער איז געקומען צו זייַנע ברידער און האָט זיי געפרעגט, וואָס זיי מאַכן. און ווי ער שטייט אַזוי און רעדט מיט זיי, ערשט גליית דער פּלישתי איז ווידער אַרויס פון זייַן מחנה און האָט אַרויסגערופן איינעם, וואָס זאָל זיך גייִן שלאָגן מיט אים. און ווען די בני־ישראל האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך דערשראָקן און זייַנען אַנטלאָפן געוואָרן. און איינער פון די בני־ישראל האָט דערציילט די אַנדערע: „איר ווייסט, מען האָט געלאָזט וויסן, אַז

אויב ווער עס איז פון י ש ר א ל וועט גייִן און דערשלאָגן דעם פּלישתּי, וועט אים דער קעניג רײַך מאַכן, געבן אים זײַן טאָכטער פאַר אַ ווײַב, און זײַן פאָטערס הויז־געזינד וועט ער באַפרײַען פון אַלע אָפּצאָלונגען." — האָט דאָס ד ו ד געהערט און איבערגעפרעגט: „וואָס וועט מען געבן דעם מאַן, וואָס וועט שלאָגן אָט דעם פּלישתּי, וועלכער האָט געזידלט די ב נ י - י ש ר א ל?"

האָט ד ו ד'ס עלטערער ברודער דערהערט, ווי ד ו ד פרעגט זיך נאָך. האָט ער זיך אויף אים אָנגעבייזערט און געזאָגט: „וואָס ביסטו געקומען אַהער? אויף ווע‎מען האָסטו איבערגעלאָזן די שאָף אין סטעפּ? איך קען דײַן נאַרישקײַט. אַ קוק טאָן אויף דער מ ל ח מ ה ביסטו געקומען אַהער."

האָט ד ו ד געענטפערט: „וואָס אַזעלכעס האָב איך געטאָן? איך האָב דאָך נאָר געפרעגט." — און ער האָט זיך אָפּגעקערט און איז אַוועק אין אַן אַנדער זײַט.

האָט מען דערציילט ש א ו ל'ן, אַז ד ו ד פרעגט זיך שטאַרק נאָך וועגן ג ל י ת'ן און וועגן דעם קעניגס פאַרשפּרעכן. האָט ש א ו ל געהייסן ברענגען צו אים ד ו ד'ן, און ער האָט אים געפרעגט, פאַר־וואָס אינטערעסירט ער זיך אַזוי וועגן ג ל י ת'ן. האָט ד ו ד גע־זאָגט: „קיין מענש דאַרף בײַ זיך ניט אַראָפּפאַלן. איך, דײַן קנעכט, וועל גייִן און שלאָגן זיך מיט דעם פּלישתּי."

האָט ש א ו ל געזאָגט: „דאָס איז ניט פאַר דיר. דו ביסט נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, און ער איז אַ דערפאַרענער מ ל ח מ ה-מענש."

האָט ד ו ד געזאָגט: דו ווייסט, איך בין אַ פּאַסטוך. און איינמאָל איז צו אונזער סטאַדע געקומען אַ לייב. דער לייב האָט צו־געכאַפּט אַ שעפּעלע. האָב איך אים נאָכגעיאָגט און אָפּגענומען דאָס שעפּעלע. האָט ער זיך דעמאָלט געוואָרפן אויף מיר. האָב איך אים אָנגעכאַפּט פאַר זײַנע האָר און געשלאָגן און געטויט. איז אויב דײַן קנעכט האָט בײַגעקומען אַ לייב, וועל איך אויך קענען בײַקומען אָט

דעם מ י א ו ס'ן פּלישתּי, וואָס האָט געזידלט און געלעסטערט דאָס פאָלק י ש ר א ל."

האָט ש א ו ל געזאָגט: „גיי, און זאָל דיר באַגליקן." — און ש א ו ל האָט אַראָפּגענומען זיינע מ ל ח מ ה־קליידער און אָנגעטאָן זיי ד ו ד'ן און אַרומגעגאַרטלט ד ו ד'ן מיט זיין שווערד. האָט ד ו ד געפּרוּווט גיין אין אָט די קליידער און האָט ניט געקענט. ער איז ניט געווען געוואוינט צו זיי, און עס איז אים געווען שווער. האָט ד ו ד אַראָפּגענומען פון זיך די קליידער, גענומען אין האַנט זיין וואַרפשטעקל, אָנגעקליבן ביים ברעג טייכל פינף גלאַטע שטיינד־לאַך, אַריינגעלייגט זיי אין זיין שעפער־זעקל און איז אַוועק אַנטקעגן דעם פּלישתּי.

ווען ג ל י ת האָט דערזען ד ו ד'ן, האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון אים. אַנטקעגן אים איז עפּעס געגאַנגען אַ יונג אינגל, אַ רויטינ־קער, אַ שיינער. האָט ער געזאָגט צו ד ו ד'ן: „וואָס בין איך—אַ הונט, וואָס דו קומסט אַנטקעגן מיר מיט אַ שטעקן? קום, וועל איך נעמען דיין לייב און אַוועקוואַרפן אַלס רויב פאַר די פויגלען און ח י ו ת (כאַיעס)." — און ער האָט געזידלט ד ו ד'ן און ד ו ד'ס פאָלק.

האָט ד ו ד געזאָגט צום פּלישתּי: „דו קומסט צו מיר מיט'ן שווערד און מיט'ן שפּיז, דו מ י א ו ס'ער מענש, וואָס האָט געלעסטערט און באַליידיקט מיין פאָלק. אָבער איך וועל ביי דיר דיין קאָפּ אַראָפּ־נעמען. און זאָלן אַלע וויסן, אַז ניט אין שווערד און ניט אין שפּיז ליגט די גאַנצע קראַפט." — און ווען ג ל י ת איז צוגעקומען נעענטער צו ד ו ד'ן, האָט ד ו ד אַרויסגענומען אַ שטיינדל פון זעקל און מיט'ן וואַרף־שטעקל אַ שלייַדער געטאָן דאָס און געטראָפן ג ל י ת'ן גלייך אין שטערן אַריין. און דאָס שטיינדל האָט זיך טיף איינגעגראָבן ג ל ית'ן אין קאָפּ. איז ער אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד. איז ד ו ד צוגעלאָפן צו ג ל י ת'ן, אַרויסגענומען ביי אים פון שייד דעם שווערד און אים דערמיט דעם קאָפּ אָפּגעהאַקט.



ד ו ד דער׳הר ג׳עט ג ל י ת׳ן.

ווי די פלישתים האָבן דערזען, אַז זייער העלד איז טויט, זיינען זיי זיך צעלאָפן. און די ב נ י ־ י ש ר א ל האָבן זיי נאָכגעיאָגט און זיי צעשלאָגן.

## 33. ד ו ד ווערט דער פאָלקס־העלד.

און ווען ד ו ד האָט גע׳ה ר ג׳עט דעם פלישתי, האָט אים אַ ב נ ר (אַוונער), ש א ו ל׳ס קריגסהער, געבראַכט פאַר ש א ו ל׳ן. און ש א ו ל האָט אים איבערגעלאָזט ביי זיך און האָט אים שוין מער ניט געלאָזט אומקערן זיך צו זיין פאָטער.

און י ו נ ת ן, ש א ו ל׳ס זון, האָט שטאַרק ליב באַקומען ד ו ד׳ן. האָט ער אים אָפּגעגעבן זײַן מאַנטל, זײַן שווערד, זײַן בויגן און זײַן גאַרטל.

און ד ו ד איז געגאַנגען, וואוהין נאָר ש א ו ל האָט אים געשיקט. און וואוהין ער איז געגאַנגען, האָט ער באַגליקט. האָט אים ש א ו ל באַשטימט פאַר אַ קריגס-עלטסטן. און אַלע ש א ו ל׳ס דינער און דאָס גאַנצע פאָלק האָבן ליב באַקומען ד ו ד׳ן.

נאָר אײנמאָל, ווען ד ו ד איז געקומען פון אַ מ ל ח מ ה מיט די פּלישתּים, זײַנען די פרויען אַרויס אַנטקעגן מיט פּויקן און מיט טענץ, און זיי האָבן געזונגען: „ש א ו ל האָט צעשלאָגן די טויזנטער און ד ו ד די צענדליקער טויזנטער!“

האָט ש א ו ל׳ן שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס מען האָט ד ו ד׳ן געשטעלט איבער אים: „וואָס, האָט ער געטראַכט, פעלט איצט נאָך ד ו ד׳ן, אויסער דער מ ל ו כ ה?“ און פון יענעם טאָג אָן האָט ש א ו ל געטראָגן אַ פײַנטשאַפט אויף ד ו ד׳ן. אײנמאָל האָט ש א ו ל ווידער געליטן פון זײַן אומעטיקייט, און ד ו ד איז געשטאַנען פאַר אים און געשפּילט אויף זײַן האַרפע. האָט ש א ו ל גענומען די שפּיז, וואָס ער האָט געהאַט לעבן זיך, און אַ שלײַדער געטאָן אויף ד ו ד׳ן. האָט זיך ד ו ד אָפּגעקערט, און די שפּיז האָט געטראָפן אין וואַנט.

האָט ש א ו ל מ ו ר א געקראָגן פאַר ד ו ד׳ן. האָט ער אים מער נישט גערופן צו שפּילן פאַר זיך, נאָר באַשטימט אים פאַר אַ האַר פון טויזנט.

און ד ו ד האָט באַגליקט אין אַלץ, וואָס ער האָט אונטערגענומען, און דאָס פאָלק האָט אים שטאַרק ליב באַקומען. און וואָס מער ד ו ד׳ן האָט געגליקט, אַלץ מער האָט ש א ו ל מ ו ר א געהאַט פאַר אים. און ער האָט גענומען קליגן זיך, ווי צו באַזײַטיקן ד ו ד׳ן. און ער האָט געטראַכט: „זאָל מײַן האַנט ניט זײַן אויף ד ו ד׳ן, נאָר זאָל ער פאַלן אין קאַמף מיט די פּלישתּים.“

האָט ער גערופן ד ו ד׳ן און אים געזאָגט: „מײַן עלטסטע טאָכ-

טער האָט שוין ח ת ו נ ה געהאַט, אָבער אָט איז מײַן אינגסטע טאָכטער מיכל; איך װעל זי דיר געבן פאַר אַ װײַב.“

האָט ד ו ד געזאָגט: „װער בין איך, און װער איז מײַן הויז־געזינד, אַז איך זאָל װערן דעם קעניגס אײדים? און דערצו בין איך אַזױ אָרים.“

האָט דער קעניג געזאָגט: „דו װעסט װערן מײַן אײדים, װען דו װעסט ברענגען אַלס נ ד ן (נאַדן) הונדערט פלישתים.“

האָט ד ו ד גענומען זײַנע מענשן און איז אַװעק צו די פלישתים, דער׳ה ר ג׳עט צװײ הונדערט פון זײ און געבראַכט צו ש א ו ל׳ן. האָט ש א ו ל געגעבן ד ו ד׳ן זײַן טאָכטער מיכל פאַר אַ װײַב. און מיכל האָט ליב באַקומען ד ו ד׳ן.



ש א ו ל װאַרפט די שפּיז אויף ד ו ד׳ן.

## 34. ד ו ד אַנטלויפֿט פֿון ש א ו ל'ן.

און ש א ו ל האָט פֿײַנט באַקומען ד ו ד'ן. האָט ער געזאָגט י ו נ ת נ'ען און די דינער זײַנע: „מען וואָלט געדאַרפֿט טייטן ד ו ד'ן." האָט י ו נ ת ן איבערגעגעבן וועגן דעם ד ו ד'ן און געזאָגט: „היט זיך אָפּ! באַהאַלט זיך ביז מאָרגן. און איך וועל רעדן מיט'ן טאַטן און וועל זען, וואָס ער וועט מיר זאָגן.

און י ו נ ת ן האָט געזאָגט ש א ו ל'ן: „פֿאַרוואָס זינדיקסטו, קעניג, געגן ד ו ד דײַן קנעכט? ער האָט דאָך אַזוי פֿיל מאָל אײַנגעשטעלט זײַן לעבן צו ראַטעווען דײַן פֿאָלק אין דעם קאַמף מיט די פּלישתּים. דו האָסט דאָך דאָס אַלײן געזען און געפֿרייט זיך."

האָט ש א ו ל צוגעשוואָרן י ו נ ת נ'ען, אַז ער וועט ד ו ד'ן ניט אָנרירן. האָט י ו נ ת ן ווידער געבראַכט ד ו ד'ן פֿאַר ש א ו ל'ן, און ד ו ד איז געבליבן בײַ ש א ו ל'ן אַזוי ווי פֿריער.

אָבער אײן מאָל האָט ווידער אויסגעבראָכן אַ מ ל ח מ ה קעגן די פּלישתּים, און ד ו ד האָט ווידער אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג איבער זיי. איז ש א ו ל שטאַרק אומעטיק געוואָרן. און ווען ד ו ד האָט פֿאַר אים געשפּילט אויף זײַן האַרפֿע, האָט ש א ו ל אַ וואָרף געטאָן אויף אים זײַן שווערד. האָט ד ו ד אויסגעמיטן דעם שווערד, און דער שווערד איז אַרײַן אין וואַנט. האָט זיך ד ו ד אויפֿגעהויבן און איז אַנטלאָפֿן צו זיך אַהיים. האָט ש א ו ל געשיקט זײַנע מענשן, זיי זאָלן אָפּהיטן ד ו ד'ן און טייטן אים.

האָט מיכל געזאָגט ד ו ד'ן: „אויב דו וועסט גלײַך ניט אַנטלויפֿן, וועט מען דיך מאָרגן טייטן." האָט זי אַראָפּגעלאָזן ד ו ד'ן דורכ'ן פֿענסטער, און ער איז אַנטלאָפֿן געוואָרן. און אין ד ו ד'ס בעט האָט זי אַוועקגעלייגט אַ מאַנעקען און עס צוגעדעקט מיט ציגנפֿעל, כ ד י אָפּצונאַרן די וועכטער. און אינדערפֿרי האָט ש א ו ל געשיקט שלוחים נעמען ד ו ד'ן. האָט מיכל געזאָגט, אַז ער איז קראַנק. האָט ש א ו ל געהייסן ברענגען ד ו ד'ן מיט'ן בעט. זײַנען די שלוחים געגאַנגען און געטראָפֿן אין בעטל דעם מאַנעקען און האָבן איבערגעגעבן וועגן דעם ש א ו ל'ן.

האָט ש א ו ל גערופן מיכלען און זי געפרעגט: „פאַרוואָס האָסטו מיך אויסגענאַרט און געלאָזט מײַן פײַנט אַנטלויפן?“ — האָט מיכל געזאָגט: „ער האָט געפאָדערט, האָב איך דאָס געטאָן.“

און ד ו ד איז אַנטלאָפן אין ר מ ה (ראַמאָ) צו ש מ ו א ל'ן. האָט מען דערציילט ש א ו ל'ן, אַז ד ו ד איז אין ר מ ה. האָט ער געשיקט זײַנע מענשן, זיי זאָלן נעמען ד ו ד'ן. זײַנען די מענשן געקומען אין ר מ ה, און זיי האָבן דערזען, ווי אַ קאָמפּאַניע נ ב י א י ם (נעוויאים) שטייט לעבן ש מ ו א ל'ן און זינגט באַגײַסטערט. זײַנען זיי אויך באַגײַסטערט געוואָרן און צוזאַמען מיט די אַנדערע אָנגעהויבן צו זינגען; און זיי האָבן ד ו ד'ן ניט געטשעפּעט.



מיכל לאָזט אַראָפּ ד ו ד'ן דורכ'ן פענסטער.

## 35. דוד געזעגנט זיך מיט יונתנ׳ען.

און דוד איז אַנטלאָפֿן פֿון רמה, איז געקומען צו יונתנ׳ען און אים געזאָגט: „וואָס אַזעלכעס האָב איך געטאָן? מיט וואָס האָב איך זיך פֿאַרזינדיקט בײַ דײַן פֿאָטער, וואָס ער וויל מיך טײַטן?“

האָט אים יונתן געזאָגט: „דו וועסט ניט שטאַרבן. מײַן פֿאָטער טוט קײַן זאַך ניט, אײַדער ער באַראַט זיך מיט מיר. און וועגן דעם האָט ער מיר גאָרנישט ניט געזאָגט.“

האָט אים דוד געזאָגט: „אפשר ווײס דײַן פֿאָטער, אַז איך האָב געפֿונען ליבשאַפֿט אין דײַנע אויגן, און ער האָט געטראַכט, עס וועט דיר פֿאַרדריסן, ווען ער וועט עס דיר זאָגן. אָבער איך שווער דיר, אַז עס איז געווען אײן טראָט צווישן מיר און דעם טויט. און איך בעט דיך: אויב איך האָב זיך מיט עפּעס פֿאַרזינדיקט, טײט דו מיך און ברענג מיך ניט פֿאַר דײַן פֿאָטער.“

האָט יונתן געזאָגט: „וואָס רעדסטו? אויב איך וועל נאָר ווּיסן, אַז מײַן פֿאָטער האָט באַשלאָסן דיר שלעכטס צו טאָן, וועל איך דיר גלײַך לאָזן ווּיסן. מאָרגן איז דער ערשטער טאָג פֿון חודש (כוידעש). אַז דו וועסט ניט קומען צום עסן, וועט דײַן פּלאַץ בלײַבן לײדיק. און איך וועל זען, וואָס דער פֿאָטער וועט וועגן דעם זאָגן. דו באַהאַלט זיך דאָ אין וועלדל און וואַרט אויף מיר.

האָט זיך דוד באַהאַלטן אין וועלדל. און אויף מאָרגן, אין דעם טאָג פֿון אָנהײב חודש, איז דער קעניג ווי געוויינטלאַך געזעסן אויף זײַן פּלאַץ, און יונתן און אַבנר אויף זײערע פּלעצער, און דוד׳ס פּלאַץ איז געבליבן לײדיק. האָט שאול געפֿרעגט יונתנ׳ען: „פֿאַרוואָס איז דוד ניט געקומען עסן?“ — האָט יונתן אים געענטפֿערט: „דוד האָט זיך בײַ מיר אָפּגעבעטן, ער זאָל גײן צו זיך אין שטעטל. זײ האָבן דאָרט הײַנט אַ פֿאַמיליע־יום־טוב (יאָמטעוו). האָט ער געבעטן, איך זאָל אים לאָזן גײן זען די ברידער זײַנע. דערפֿאַר איז ער הײַנט ניט געקומען צום קעניגס טיש.“

איז שאול ביִיז געוואָרן אויף יונתנ׳ען און געזאָגט: „דו אויסוואורף איִינער! איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט זיך אויסגעקליבן אָט דעם זון ישי׳ס אויף דיין אייגענעם אומגליק. ווייל כל־זמן (קאָלזמאַן) אָט דער דוד לעבט, וועסטו קיינמאָל ניט זיכער זיין, אַז די מלוכה וועט פאַרפעסטיקט ווערן אין דיינע הענט. איצט גיי און ברענג אים אַהער, ווייל עס קומט אים טייטן.“

האָט יונתן געזאָגט: „פאַרוואָס זאָל מען אים טייטן? וואָס האָט ער אַזעלכעס געטאָן?“ — האָט שאול אין צאָרן אַ וואָרף געטאָן זיין שווערד און געוואָלט דערשלאָגן יונתנ׳ען. דעמאָלט האָט יונתן פאַרשטאַנען, אַז זיין פאָטער האָט באַשלאָסן טייטן דוד׳ן. איז ער אויפגעשטאַנען פון טיש אַ צאָרנדיקער און האָט מער ניט געגעסן.

און אויף מאָרגן אינדערפרי איז ער אַרויס אין פעלד צום וועלדל, וואו דוד האָט זיך באַהאַלטן. און דוד איז אַרויס פון באַהעל־טעניש, צוגעקומען צו יונתנ׳ען, געקושט זיך מיט אים, און זיי האָבן זיך ביידע פאַנאַנדערגעוויינט. האָט יונתן דערציילט דוד׳ן וועגן אַלץ און האָט אים געזאָגט: „זאָל בלייבן אַזוי, ווי מיר האָבן ביידע געשוואָרן; אַז עס זאָל אויף שטענדיק זיין פרידן צווישן מיר און דיר, צווישן מיינע קינדער און דיינע קינדער.“

און זיי האָבן זיך צעזעגנט און צעשיידט.

## 36. שאול הרג׳עט אויס די כהנים (קויהאַנים) פון נוב (נויוו).

און דוד איז אַוועק אין דער שטאָט נוב (נויוו), וואו עס האָט געוואוינט דער כהן אחימלך (אַכימעלעך). איז אחימעלעך אַרויס אַנטקעגן דוד׳ן, באַגריסט אים און גע־פרעגט: „פאַרוואָס ביסטו עפּעס איינער אַליין?“ — האָט דוד געזאָגט: „איך גיי אין אַ געהיימער שליחות (שליכעס), און קיינער דאַרף דעריבער דערפון ניט וויסן. איצט, אויב דו האָסט ביי

זיך ברויט און אויך אַ שווערד, גיב מיר, ווײַל איך האָב מיט זיך גאָר־נישט מיטגענומען."

האָט דער כ ו ה ן געזאָגט ד ו ד'ן: „איך האָב בײַ זיך הײליק ברויט. און הינטער דעם אָראָקול דאָ ליגט דער שווערד פון ג ל י ת דעם פלישתי, וואָס דו האָסט דער'הר ג'עט. אויב דו ווילסט, נעם דאָס, ווײַל קײַן אַנדערן האָב איך ניט."

האָט ד ו ד געזאָגט: „קײַן בעסערן דאַרף מען גאָרניט." — האָט ד ו ד דאָס צוגענומען און איז אַוועק. און ער איז אַנטלאָפן און איז געקומען אין דער שטאָט ג ת (גאַס) פון די פלישתים. האָט מען אים דאָרטן דערקענט און דערצײלט דעם קעניג, אַז עס איז געקומען ד ו ד, וועגן וועמען מען האָט פאַרשאַפט דאָס לידל: „ש א ו ל האָט געשלאָגן די פלישתים אין די טויזנטער און ד ו ד אין די צענדליקער טויזנטער." האָט ד ו ד מ ו ר א באַקומען און ער האָט זיך פאַר־שטעלט פאַר אַ מ ש ו ג ע'נעם. ער האָט זיך נאַריש געמאַכט, גע־שריבן אויף די טירן. האָט דער קעניג פון ג ת געזאָגט: „איר זעט דאָך, אַז ער איז אַ מ ש ו ג ע'נער. וואָס האָט איר אים צו מיר גע־בראַכט? ווײניק מ ש ו ג ע י ם (מעשוגאָאים) האָב איך, וואָס איר האָט מיר געבראַכט נאָך אײנעם?"

איז ד ו ד פון דאָרט אַנטלאָפן און איז געקומען אין דעם לאַנד פון י ה ו ד ה (יעהודאָ) און האָט זיך באַהאַלטן אין אַ הײל. זײַנען צו אים געקומען זײַנע ברידער און פרײַנד און אַ ס ך אַנדערע אומצופרידענע, בײַ פינף הונדערט, און ער איז געוואָרן זײער עלטסטער.

האָט זיך ש א ו ל דערוואוסט, אַז ד ו ד האָט צענויפגעקליבן אַרום זיך מענשן. האָט ער געזאָגט צו זײַנע דינער: „קענטיק, אַז איר וואַרט, אַז י ש י'ס זון זאָל אײַך אַלעמען געבן פעלדער און ווײַנ־גערטנער און אײַך אַלעמען מאַכן פאַר קריגס־עלטסטע, וואָס איר האָט אַלע געמאַכט אַ פאַרשווערונג קעגן מיר, און קײנער דערצײלט מיר גאָרניט וועגן ד ו ד'ן, מיט וועמען מײַן זון האָט זיך פאַרבונדן קעגן מיר."

און ווען ד ו ד האָט ביי דעם כ ו ה ן אַ ח י מ ל ך גענומען דאָס ברויט און דעם שווערד, איז דערביי געשטאַנען אײנער אַן עלטסטער פון ש א ו ל׳ס אַרמיי, ד ו א ג (דויעג). האָט ד ו א ג געזאָגט ש א ו ל׳ן: „איך האָב געזען, ווי י ש י׳ס זון איז געקומען צו אַ ח י מ ל ך דעם כ ו ה ן, און יענער האָט געגעבן ד ו ד׳ן ברויט און ג ל י ת׳עס שווערד.“

האָט ש א ו ל גערופן אַ ח י מ ל כ׳ן און געזאָגט: „איך זע, דו האָסט געמאַכט אײן האַנט מיט ד ו ד׳ן קעגן מיר. אָט האָסטו אים, מיין פיינט, געגעבן ברויט און אַ שווערד.“

האָט אַ ח י מ ל ך געזאָגט: „איך, קעניג, בין גאָרניט שולדיק. איך האָב גאָרנישט געוואוסט. איך האָב געטראַכט, אַז ד ו ד, דיין געטרייער דינער, דעם קעניגס אײדים, בעט, דאַרף מען אים געבן.“

אָבער ש א ו ל האָט זיך מיט דעם ענטפער ניט צופרידנגעשטעלט, און ער האָט געהייסן ד ו א ג׳ן, און יענער האָט געטויט אַ ח י מ ל כ׳ן און אויסגעה׳רג׳עט אַלע אַנדערע כ ו ה נ י ם, וואָס אין נ ו ב. בלויז אײן זון אַ ח י מ ל כ׳ס, א ב י ת ר (עוויאָסאָר), איז אַנטלאָפן און האָט דערביי מיטגענומען זיין פאָטערס אָראַקול. און ער איז געקומען צו ד ו ד׳ן און האָט אים דערציילט, וואָס ש א ו ל האָט געטאָן צו די כ ו ה נ י ם פון נ ו ב.

האָט ד ו ד געזאָגט א ב י ת ר׳ן: „בלייב ביי מיר. זאָלסט ניט מ ו ר א האָבן; איך וועל דיך שוין אָפּהיטן.“

## 37. ש א ו ל יאָגט זיך נאָך ד ו ד׳ן.

און ש א ו ל האָט צונויפגעקליבן טויזנטער פון י ש ר א ל און זיך געלאָזט זוכן ד ו ד׳ן. און ד ו ד האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַמאָל אין אײן אָרט, אַמאָל אין אַן אַנדערן. און ווען ער פלעגט זיך דערוויסן, אַז ש א ו ל קומט אָן, פלעגט ער אַנטלויפן.

אײנמאָל זיינען צו ש א ו ל׳ן געקומען מענשן פונ׳ם שטעטל זיף און אים געזאָגט: „ד ו ד באַהאַלט זיך אינ׳ם וועלדל אויפ׳ן באַרג,

וואָס לעבן זיך." — האָט זיי ש א ו ל באַדאַנקט פאַר זייער געטרייַשאַפט און געבעטן זיי, זיי זאָלן גענויער אויסגעפינען, וואו ד ו ד איז, און אים לאָזן וויסן. און אַליין האָט ער צונויפגעקליבן זייַנע מענשן און זיך געלאָזט נאָך ד ו ד'ן. איז ער געקומען צו אַ בערגל. ער מיט זייַנע מענשן זייַנען געגאַנגען אויף איין זייַט פון'ם בערגל, און ד ו ד מיט זייַנע מענשן זייַנען אַנטלאָפן פון דער אַנדער זייַט בערגל. האָט זיי ש א ו ל נאָכגעיאָגט, און ער וואָלט אַ פּ ש ר געכאַפּט ד ו ד'ן. איז אָבער געקומען אַ מאַן און אָנגעזאָגט ש א ו ל'ן, אַז די פּלישתים זייַנען אָנגעפאַלן אויפ'ן לאַנד. האָט ש א ו ל געמוזט איבערלאָזן ד ו ד'ן און לאָזן זיך אַנטקעגן די פּלישתים.

און ווען ש א ו ל האָט פאַרטריבן די פּלישתים, האָט ער זיך אומגעקערט און גענומען ווידער נאָכיאָגן ד ו ד'ן. און ער איז צוגעקומען צו אַ הייל און איז אַהין אַרייַן אויף אַ ווייַלע. און אין דער הייל האָבן זיך געוועזן אויסבאַהאַלטן ד ו ד מיט אַלע זייַנע מענשן. האָבן די מענשן געזאָגט ד ו ד'ן: „איצט איז די צייַט צו מאַכן אַ ס ו ף צו דייַן פייַנט, וואָס יאָגט דיך נאָך." אָבער ד ו ד האָט זיי איבערגעריסן און געזאָגט: „ח ל י ל ה, איך וועל ניט אויפהייבן קייַן האַנט אויף דעם געזאַלבטן קעניג פון י ש ר א ל". און ער האָט ניט געלאָזן זייַנע מענשן טאָן שלעכטס ש א ו ל'ן. נאָר ער האָט זיך צוגעג נ ב'עט צו ש א ו ל'ן און שטילערהייט אָפּגעשניטן אַ פּאָלע פון זייַן מאַנטל.

און ווען ש א ו ל איז אַרויס פון הייל און איז אָפּגעגאַנגען אַ שטרעקע, איז ד ו ד אַרויס, האָט אַ רוף געטאָן ש א ו ל'ן, פאַרנייגט זיך פאַר אים און געזאָגט: „פאַרוואָס, מיין האַר, הערסטו זיך צו צו דעם, וואָס מענשן רעדן אָן אויף מיר און זאָגן, אַז ד ו ד וויל דיר שלעכטס טאָן? אָט קאָנסטו זען, אַז דאָס איז פאַלש. דו ביסט הייַנט געוועזן אין מייַנע הענט, און איך האָב דיר קייַן שלעכטס ניט געטאָן. אָט האָב איך נאָך אין האַנט אַ פּאָלע פון דייַן מאַנטל, וואָס איך האָב אָפּגעשניטן, און דיך אַליין האָב איך ניט אָנגערירט.

„זייַ וויסן, אַז איך בין ניט שולדיק קעגן דיר, אַז איך ווינש דיר

ניט קיין שלעכטס. טאָ פאַרוואָס ווילסטו מיך טייטן? פאַרוואָס יאָגסטו זיך נאָך נאָך מיר?"

האָט ש א ו ל אָנגעהויבן וויינען און געזאָגט: „דאָס ביסטו, מיין זון ד ו ד? איך זע איצט, אַז דו ביסט גערעכטער פאַר מיר. דו האָסט מיר באַצאָלט מיט גוטס פאַר מיין שלעכטס, וואָס איך האָב דיר געטאָן. איצט ווייס איך, אַז דו וועסט זיין קעניג נאָך מיר. שווער מיר אָבער צו, אַז דו וועסט דעמאָלט ניט אויס׳ה ר ג׳ענען, ניט פאַר־טיליקן מיינע קינדער און מיין הויזגעזינד." האָט ד ו ד צוגעשוואָרן ש א ו ל׳ן אויף דעם, און ש א ו ל איז אַוועק מיט זיינע מענשן צו זיך אַהיים.

באַלד נאָכדעם איז געשטאָרבן ש מ ו א ל. זיינען זיך די ב נ י־י ש ר א ל צונויפגעקומען און אים באַקלאָגט. און מ׳האָט אים באַער־דיקט אין זיין שטאָט, אין ר מ ה.

## 38. ד ו ד און נ ב ל (נאָוואַל).

און ד ו ד איז אַוועק אין דער סטעפ פּאַראָן, וואָס אין ד ר ו ם פון לאַנד, און ער האָט באַשיצט די דאָרטיקע אידישע איינוואוינער פון אָנפאַלן פון די פּלישתים און ע מ ל ק (אַמאַלעק).

און אין אַ שטעטל אין יענער געגנט האָט געוואוינט אַ מאַן מיט׳ן נאָמען נ ב ל (נאָוואַל). ער איז געווען זייער רייך און געהאַט גרויסע סטאַדעס שעפסן און ציגן. און איינמאָל, ווען ער האָט געשאָרן זיינע שעפסן, האָט ער געמאַכט אַ י ו ם ־ ט ו ב. האָט ד ו ד דער־הערט, אַז נ ב ל מאַכט אַ י ו ם ־ ט ו ב, האָט ער צו אים געשיקט עטלאַכע פון זיינע יונגען און זיי געזאָגט:

„גייט צו נ ב ל׳ן, באַגריסט אים אין מיין נאָמען און דערמאָנט אים, אַז מיר האָבן קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געטאָן זיינע פּאַסטו־כער, און אַז עס האָט ביי זיי די גאַנצע צייט א פ י ל ו קיין שעפּס ניט געפעלט. און זאָגט אים, אַז איצט, ווען ביי אים איז אַ י ו ם ־ ט ו ב, וואָלט ער געדאַרפט עפּעס געבן אויך ד ו ד׳ן און זיינע מענשן."

זײַנען ד ו ד'ס יונגען געקומען צו נ ב ל'ן און אים איבערגע־געבן, וואָס ד ו ד האָט זײַ געהײסן. האָט זײַ נ ב ל געענטפערט: „ווער איז אַזעלכער ד ו ד? עס זײַנען הײַנט פאַראַן אַ ס ך קנעכט, וואָס זײַנען אַנטלאָפן פון זײערע הארן; זאָל איך נאָך נעמען מײַן ברויט, מײַן וואַסער און מײַן פלײש און אַוועקגעבן עס צו מענשן, וואָס איך ווײס אַ פ י ל ו ניט, פון וואַנען זײַ קומען?"

זײַנען ד ו ד'ס יונגען אַוועק צוריק צו ד ו ד'ן און אים דער־צײלט, וואָס נ ב ל האָט זײַ געענטפערט. איז ד ו ד בײז געוואָרן; האָט ער געלאָזן צווײ הונדערט פון זײַנע מענשן היטן דעם לאַגער, און ער מיט אַלע איבעריקע האָבן זיך באַוואָפנט און אַוועק צו נ ב ל'ן.

און ד ו ד האָט געזאָגט: „אומזיסט האָב איך געהיט דאָס גוטסערײַ פון אָט דעם אויסוואורף. איצט וועל איך ביז אין דער פרי ניט איבערלאָזן קײַן לעבעדיקן נ פ ש פון אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט."

און אײנער פון נ ב ל'ס דינער האָט דערצײלט נ ב ל'ס ווײַב אַ ב י ג י ל'ן (אַוויגאַאילן), אַז ד ו ד האָט צוגעשיקט צו נ ב ל'ן בעטן עפּעס פאַר זײַנע מענשן, און נ ב ל האָט זיך אויסגעלאַכט פון אים. „און ד ו ד, האָט ער צוגעגעבן, איז געווען אונזער שוץ טאָג ווי נאַכט די גאַנצע צײַט, וואָס מיר האָבן געפּיטערט אונזער שאָף אין דער סטעפּ. און איצט זע, וואָס דו האָסט צו טאָן, ווײַל עס קאָן טרעפן אַן אומגליק."

האָט אַ ב י ג'ל זיך געאײַלט, צונויפגענומען אַ שײנע מ ת נ ה פאַר ד ו ד'ן: פון ברויט און פון ווײַן, און פון פלײש, און פון גע־טריקנטע זאַנגען און פון פרוכט, און זי האָט דאָס אַוועקגעשיקט מיט אירע דינער צו ד ו ד'ן. און אַלײן איז זי נאָכגעפאָרן. און איר מאַן נ ב ל'ן האָט זי פון דעם ניט דערצײלט.

ווען אַ ב י ג'ל איז אַראָפּגעפאָרן באַרג אַראָפּ, האָט זי אָנגע־טראָפן ד ו ד'ן. איז זי אַראָפּ פון איר אײזעלע, זיך געבוקט פאַר ד ו ד'ן און געזאָגט: „גיב ניט אַכטונג אויף דעם, וואָס מײַן מאַן האָט דיר געטאָן. ער איז אַ מ י א ו ס'ער מענש. ער הײסט נ ב ל און ער האָט אָפּגעטאָן אַ נ ב ל ה (נעוואָלע). איצט האָב איך דיר גע־

בראַכט אַ מ ת נ ה; און איך וואָלט דיך געבעטן, דו זאָלסט ניט פאַרגיסן קיין בלוט. ווען עס וועט קומען דיין צייט און דו וועסט ווערן דער האַר איבער'ן פאָלק י ש ר א ל, זאָל דיר ניט זיין קיין שטער דאָס אומזיסט פאַרגאָסענע בלוט."

האָט ד ו ד געענטפערט אַ ב י ג י ל'ן: „איך שווער דיר, אַז ווען דו וואָלסט איצט ניט געקומען, וואָלט ביז אין דער פרי ניט פאַר־בליבן ביי נ ב ל'ן קיין לעבעדיקער נ פ ש. און איצט גיי זיך דיר אַהיים אין פרידן."



אַ ב י ג י ל ברענגט ד ו ד'ן די מ ת נ ה.

און ד ו ד האָט צוגענומען ביי אַ ב י ג י ל'ן אַלץ, וואָס זי האָט געבראַכט, און ער האָט זי אָפּגעלאָזט ב ש ל ו ם.

איז אַ ב י ג י ל אַוועק אַהיים און האָט געפונען נ ב ל'ן אַ ש י כ ו ר'ן. האָט זי אים גאָרנישט ניט דערציילט ביז אין דער פרי.

און אין דער פרי, ווען נ ב ל האָט זיך אויסגעניכטערט, האָט אים אַ ב י ג י ל דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט. האָט זיך נ ב ל דערשראָקן, און זיין האַרץ איז אים פאַרשטיינערט געוואָרן. און אין צען טעג אַרום איז ער קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן.

ווען ד ו ד האָט דערהערט, אַז נ ב ל איז געשטאָרבן, האָט ער געשיקט צו אַ ב י ג י ל'ן און איר געזאָגט, אַז ער וויל זי נעמען פאַר אַ ווייב. האָט אַ ב י ג י ל גענומען פינף דינערנס אירע און איז אַוועק צו ד ו ד'ן. און ד ו ד האָט זי גענומען זיך פאַר אַ ווייב.

## 39. ד ו ד נעמט צו ביי ש א ו ל'ן די שפּיז.

אין אַ צייט אַרום זיינען די איינוואוינער פון דער שטאָט זיף ווידער געקומען צו ש א ו ל'ן און אים דערציילט, אַז ד ו ד באַהאַלט זיך אוים ביי אַ בערגל, ניט ווייט פון זיי. האָט ש א ו ל צונויפגענומען דריי טויזנט פון זיינע אָפּגעקליבענע שטאַרקע לייט און זיך נאָכגעיאָגט נאָך ד ו ד'ן.

אויף דער נאַכט האָט ש א ו ל אויפגעשלאָגן זיין לאַגער און זיך צעלייגט מיט זיינע מענשן שלאָפן. און דוד האָט אויסגעפונען, אַז ש א ו ל יאָגט זיך נאָך אים, און אַז ער האָט זיך געלייגט אָפּרוען אויף דער נאַכט. איז ד ו ד שטילערהייט צוגעקומען צום לאַגער פון ש א ו ל'ן צוזאַמען מיט זיין שוועסטערקינד אַ ב י ש י (אַווישאַי). האָט ער דערזען, ווי ש א ו ל און זיין קריגספירער אַ ב נ ר ליגן אין מיטן און זיינע מענשן ליגן אין אַ קרייז אַרום אים. און ביי ש א ו ל'ן צוקאָפּנס שטעקט זיין שפּיז.

האָט אַ ב י ש י געזאָגט: „איצט איז די פּאַסיקע צייט צו באַפרייען זיך פון דיין פיינט. איך וועל אים דורכשטעכן מיט'ן שפּיז און מאַכן אַ ס ו ף צו אים.“ האָט אים ד ו ד געזאָגט: „ח ל י ל ה, זאָלסט אים ניט אָנרירן, ווייל ער איז דער געזאַלבטער קעניג. מיר וועלן בלויז צונעמען זיין שפּיז פון צוקאָפּנס און דאָס קריגל וואַסער, וואָס לעבן אים, און וועלן אַוועקגיין.“

האָט ד ו ד צוגענומען די שפּיז און דאָס קריגל וואַסער, און זיי זײַנען אַוועק. און קיינער האָט זיי ניט באַמערקט, ווײַל אַלע זײַנען געשלאָפן.



ד ו ד נעמט צו ביי ש א ו ל׳ן די שפּיז און דעם קרוג וואַסער.

און ווען ד ו ד האָט זיך דערווײַטערט פון׳ם לאַגער, איז ער אַרויף אויף אַ בערגל און האָט אויסגערופן: „אַ ב נ ר!“ האָט זיך אַ ב נ ר אויפגעכאַפּט און געפרעגט: „ווער רופט דאָס?“ האָט אים ד ו ד געזאָגט: „דו האָסט שלעכט געטאָן. דו האָסט ניט אָפּגעהיט דײַן האַר, דעם קעניג. אָט איז איינער געקומען און געקאָנט פאַרטיליקן דעם קעניג, און דו האָסט אים ניט אָפּגעהיט. קוק זיך אַרום און זע, וואו איז די שפּיז און דאָס קריגל וואַסער, וואָס זײַנען געשטאַנען צוקאָפּנס בײַם קעניג?“

האָט ש א ו ל דערהערט און דערקענט ד ו ד׳ס שטימע. האָט ער אים געזאָגט: „איך האָב געזינדיקט קעגן דיר, מײַן זון ד ו ד!

קער זיך אום צו מיר, און איך וועל דיר קיין שלעכטס מער ניט טאָן. איך האָב זיך שטאַרק באַנאַרישט, וואָס איך האָב דיך נאָכגעיאָגט ביז איצט."

האָט ד ו ד געזאָגט: „אומזיסט יאָגסטו זיך נאָך מיר, קעניג! אָט ביסטו היינט ווידער געווען אין מיין האַנט, און איך האָב דיר קיין שלעכטס ניט געטאָן. זאָל אויף ווייטער מיין לעבן זיין אַזוי טייער אין דיינע אויגן, ווי דיין לעבן איז טייער געווען אין מיינע. שיק צו אַ דינער, וועט ער נעמען די שפּיז און דאָס קריגל וואַסער."

האָט ש א ו ל געבענשט ד ו ד'ן און געזאָגט: „איך ווייס, דו וועסט אַ ס ך אויפטאָן און וועסט ווייט אַוועק."

און ד ו ד איז אַוועק צו זיינע מענשן, און ש א ו ל האָט זיך אומגעקערט צו זיך אהיים.

## 40. האָרנים און שפּין.

ד ו ד האָט אַמאָל געזען, ווי אַ האָרנים נאָגט אַ שפּין. האָט ער ביי זיך געטראַכט: צו וואָס דאַרף מען אַזעלכע מ י א ו ס'ע באַשעפעניש אויף דער וועלט? די האָרנים פאַרדאַרבט דער בינם האָניק און שטעכט נאָך דערצו; און די שפּין הערט ניט אויף צו וועבן, און קיין קלייד פון איר איז ניט צו דערלעבן.

שפּעטער, אַז ד ו ד איז אַנטלאָפן פון ש א ו ל'ן, איז אים איינמאָל אויסגעקומען באַהאַלטן זיך אין אַ הייל. איז געקומען אַ שפּין און האָט פאַרצויגן איר שפּינוועבס איבער'ן אַריינגאַנג פון הייל. ש א ו ל האָט נאָכגעיאָגט ד ו ד'ן און איז פאַרביי־געגאַנגען די הייל; אָבער ווען ער האָט דערזען, אַז דער אַריינגאַנג איז פאַרוועבט, האָט ער ביי זיך געטראַכט: ווען ד ו ד וואָלט אַריין אין הייל, וואָלט ער דאָך דורכקריכנדיק צעריסן דאָס שפּינוועבס; געוויס איז דאָרט קיינער ניטאָ. איז ש א ו ל אַוועק, און ד ו ד איז ניצול געוואָרן. דעמאָלט האָט ד ו ד געביטן זיין מיינונג וועגן דער נוצלאַכקייט פון דער שפּין.

אַ צווייט מאָל האָט ד ו ד'ן גערשטעוועט אַ האַרנים. ווען ד ו ד איז געקומען אין ש א ו ל'ס לאַגער און געוואָלט צונעמען זיין שפּיז און זיין קרוג מיט וואַסער, האָט ער דערזען, ווי ש א ו ל שלאָפט אין געצעלט, און אַלע זיינע שטאַרקע לייט שלאָפן אין אַ קרייז אַרום אים. און אַ ב נ ר איז געלעגן ביי דער טיר מיט אויפגעשטעלטע פיס. איז ד ו ד דורכגעקראָכן אונטער אַ ב נ ר'ס קני, צוגענומען ביי ש א ו ל'ן צו קאָפּן דאָס קריגל וואַסער און געלאָזט זיך גיין צוריק. דערווייל האָט אַ ב נ ר אויסגעצויגן די פיס און צוגעדריקט ד ו ד'ן, ווי מיט אַ פּאָר שווערע קלעצער. אין דעם איז געקומען אַ האַרנים און אַ ביס געטאָן אַ ב נ ר'ן אין פוס. האָט אַ ב נ ר צוריק אויסגעבויגן זיין פוס, און ד ו ד איז אַרויס פון אונטער זיינע קני.

דעמאָלט האָט ד ו ד געביטן זיין מיינונג אויך וועגן דער האַר-נים, און ער האָט געטראַכט: „יעדע באַשעפעניש קען עפּעס ברענגען נוצן."

## 41. ד ו ד ביי די פּלישתים.

און ד ו ד האָט זיך געטראַכט: „פריער-שפּעטער — איך וועל אַזוי אַריינפאַלן צו ש א ו ל'ן אין האַנט. איך וועל דעריבער בעסער אַוועק אינ'ם לאַנד פון די פּלישתים. וועט מיך ש א ו ל אויפהערן צו זוכן, וועל איך זיך ראַטעווען פון זיינע הענט."

איז ד ו ד מיט זעקס הונדערט מענשן זיינע און מיט זייערע ווייבער און קינדער אַוועק צו אָכיש, דעם קעניג פון די פּלישתים, אין דער שטאָט ג ת (גאַס). האָט ש א ו ל זיך דערוואוסט וועגן דעם, און ער האָט אויפגעהערט צו זוכן ד ו ד'ן.

אין אַ צייט אַרום האָט ד ו ד געזאָגט אָכישן: „צוליב וואָס זאָל איך דאָ זיצן ביי דיר אין דער הויפּטשטאָט? גיב מיר בעסער אַ פּלאַץ ערגעץ אויפ'ן גרעניץ פון דיין לאַנד, וועל איך דאָרטן זיין צו-זאַמען מיט מיינע מענשן." איז דאָס אָכישן געפעלן געוואָרן און ער האָט אָפּגעגעבן ד ו ד'ן די שטאָט ציקלאָג.

פלעגט ד ו ד אָנפֿאַלן אויף די ע מ ל ק י ם (אַמאַליִיקים) און אויף אַנדערע ש ב ט י ם (שוואַטים), וואָס האָבן געוואוינט אין ד ר ו ם פֿון לאַנד. און ווען ער פֿלעגט אָנפֿאַלן אויף זיי, פֿלעגט ער ביי זיי צונעמען זייערע שאָף און רינדער און אייזלען און קעמלען, און זיי אַליין פֿלעגט ער אַלע אויס׳ה ר ג׳ענען, כ ד י עס זאָל ניט בלייבן קיינער, וואָס זאָל קאָנען קומען דערציילן עפּעס די פּלישתים.

און ווען אָכיש פֿלעגט פֿרעגן ד ו ד׳ן: „אויף וועמען זייט איר היינט אָנגעפֿאַלן?" — פֿלעגט אים ד ו ד ענטפֿערן: „אויף י ה ו ד ה און אויף די אַנדערע י ש ר א ל - ש ב ט י ם אין ד ר ו ם פֿון לאַנד." פֿלעגט אים אָכיש גלויבן; און ער האָט געהאַט צוטרוי צו ד ו ד׳ן, ווייל ער האָט געטראַכט: „ד ו ד האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון זיין פֿאָלק, פֿון י ש ר א ל, און ער וועט מיך אייביק דינען."

## 42. ש א ו ל ביי דער צויבערן.

און די פּלישתים האָבן ווידער צונויפגעקליבן גרויסע מ ח נ ו ת און זיינען געגאַנגען מ ל ח מ ה האַלטן מיט די ב נ י - י ש ר א ל. ווען ש א ו ל האָט דערזען, ווי גרויס די מ ח נ ו ת פֿון די פּלישתים זיינען, האָט ער זיך דערשראָקן. האָט ער געפֿרעגט דעם אָראַקול, אָבער ער האָט ניט באַקומען קיין ענטפֿער.

האָט ער געזאָגט צו זיינע דינער: „זוכט מיר אויף אַ פֿרוי, אַ צויבערן, וועל איך גיין און וועל זי פֿרעגן, וואָס וועט זיין דער אויס-גאַנג פֿון דער מ ל ח מ ה." — האָבן די דינער זיינע אויסגעפֿונען אַזאַ צויבערן. האָט זיך ש א ו ל איבערגעטאָן און איז פֿאַרשטעלטערהייט אַוועק צו איר.

און ער האָט איר געזאָגט: „דורך דיין צויבער מאַך, איך זאָל זיך קענען דורכרעדן מיט ש מ ו א ל׳ן." — און ש א ו ל האָט דערהערט, אַזוי ווי ש מ ו א ל וואָלט אים געזאָגט: „וואָס האָסטו מיך באַאומ-רואיקט? וואָס דאַרפֿסטו מיך?" — האָט ש א ו ל געזאָגט: „ס׳איז מיר שלעכט. די פּלישתים זיינען געקומען מ ל ח מ ה האַלטן אין

גרויסע מ ח נ ו ת. און איך האָב געפרעגט דעם אָראַקול, וואָס איך זאָל טאָן, און ער ענטפערט מיר ניט."

און ש א ו ל האָט געהערט, אַזוי ווי ש מ ו א ל וואָלט אים געענטפערט: „דו האָסט שלעכט געטאָן. דו האָסט ניט געפאָלגט, וואָס איך האָב דיר געהייסן טאָן. דעריבער וועט אויף דיר און אויף די ב נ י - י ש ר א ל קומען אַן אומגליק: מאָרגן וועט איר אַרייַנ־פאַלן אין די הענט פון די פּלישתּים."

איז ש א ו ל נאָך טרויעריקער געוואָרן, האָט ניט געגעסן און ניט געטרונקען, ביז די פרוי, די צויבערין, האָט פאַר אים צוגעגרייט קיכלאַך און פלייש. איז ש א ו ל אויפגעשטאַנען בייַנאַכט, און צו־זאַמען מיט זייַנע דינער איז ער אַוועק צו זייַן מ ח נ ה.

## 43. ד ו ד ראַטעוועט זייַנע געפאַנגענע.

און אָכיש, דער קעניג פון די פּלישתּים, האָט געזאָגט ד ו ד'ן: „דו ווייסט, איך גיי אין מ ל ח מ ה קעגן ש א ו ל'ן. וועסטו און דייַנע מענטשן אויך גיין מיט מיר." האָט אים ד ו ד געענטפערט: „אויב אַזוי, וועסטו שוין זען, וואָס איך וועל אויפטאָן פאַר דיר."

ווען די האַרן פון די פּלישתּים האָבן דערזען ד ו ד'ן און זייַנע מענטשן צווישן זייער מ ח נ ה, האָבן זיי געפרעגט: „וואָס טוען דאָ אָט די ב נ י - י ש ר א ל?" — האָט זיי אָכיש געענטפערט: „דאָס איז דאָך ד ו ד, וואָס איז אַנטלאָפן פון ש א ו ל'ן און וואָס וואוינט שוין ביי אונז אַזוי לאַנג און איז מיר אַזוי איבערגעגעבן."

האָבן די האַרן געזאָגט אָכישן: „שיק אים אַוועק, און זאָל ער אונז ניט שטערן אין דער מ ל ח מ ה. דאָס איז דאָך דער זעלבער ד ו ד, וועגן וועמען די אידישע פרויען האָבן געזונגען: „ש א ו ל האָט געשלאָגן אין די טויזנטער און ד ו ד אין די צענדליקער טויזנ־טער."

האָט אָכיש געזאָגט ד ו ד'ן: „איך ווייס, ווי איבערגעגעבן דו ביסט מיר; אָבער די האַרן מייַנע זייַנען נישט צופרידן מיט דעם, וואָס

דו גייסט מיט מיר. וועל איך דיך בעטן, דו זאָלסט זיך אומקערן צו־ריק, און זאָלן די האַרן מײַנע ניט זײַן בייז.„ האָט ד ו ד זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט געוועזן זייער אומצופרידן מיט דעם, נאָר ער האָט זיך דאָך אויפהויבן און איז מיט אַלע זײַנע מענשן אַוועק אין דעם לאַנד פון די פּלישתים.

דאָרטן האָט ד ו ד אויסגעפונען, אַז אין דער צײַט, ווען ער איז ניט געוועזן אין זײַן שטאָט ציקלאַג, זײַנען די ע מ ל ק י ם (אַמאַליי־קים) באַפאַלן די שטאָט, אונטערגעצונדן זי, האָבן גענומען געפאַנגען די פרויען און די קינדער פון ד ו ד'ן און פון זײַנע מענשן און זײַנען אַוועק.

איז ד ו ד און זײַנע מענשן געוואָרן זייער טרויעריק. זיי האָבן ניט געגעסן און ניט געטרונקען און האָבן זיך געלאָזט נאָכ־יאָגן די, וואָס האָבן אַזוי אָפּגעטאָן זיי.

אויפ'ן וועג האָבן זיי געטראָפן אַ מאַן, וואָס איז געלעגן אַ פאַר־חלש'טער אויף דער ערד. האָט אים ד ו ד געגעבן עסן און טרינ־קען, און דער מאַן האָט אים דערציילט, אַז ער איז אַ קנעכט פון איי־נעם פון ע מ ל ק (אַמאַלעק), און אַז די ע מ ל ק י ם זײַנען באַ־פאַלן די שטאָט ציקלאַג און אַנדערע שטעט און זיי פאַרברענט. און אויפ'ן וועג צוריק איז ער קראַנק געוואָרן. האָט אים זײַן האַר דאָ איבערגעלאָזט — היינט שוין דעם דריטן טאָג.

האָט ד ו ד געבעטן דעם מאַן, און יענער האָט אים אָנגע־וויזן דעם וועג, וואוהין די ע מ ל ק י ם זײַנען אַוועק. איז ד ו ד מיט זײַנע מענשן געגאַנגען און געטראָפן זיי, ווי זיי זיצן און עסן און טרינקען און לאָזן זיך וואויל גיין מיט דעם רויב, וואָס זיי האָבן אָנגע־רויבט אין די שטעט פון די פּלישתים און אויך אין זײַן שטאָט. איז זיי ד ו ד באַפאַלן און האָט זיי צעשלאָגן. און עס האָבן זיך פון זיי געראַטעוועט בלויז די, וואָס האָבן געריטן אויף קעמלען. און ד ו ד און זײַנע מענשן האָבן צוריקגענומען זייערע ווײַבער און קינדער און אַלץ, וואָס איז פאַרבליבן פון די ע מ ל ק י ם, און זיך אומגעקערט קיין ציקלאַג. און ד ו ד האָט גענומען אַ טייל פון דעם רויב און

אוועקגעשיקט צו די עלטסטע פון דעם ש ב ט י ה ו ד ה (יעהודא) און זיי געזאָגט: „דאָס איז אייך אַ מ ת נ ה פון דעם, וואָס איך האָב אָפּגענומען פון אונזערע פיינט.“

## 44. ש א ו ל'ס טויט.

און די פּלישתים האָבן מ ל ח מ ה געהאַלטן מיט די ב נ י - י ש ר א ל. זיינען די ב נ י - י ש ר א ל אַנטלאָפן, און די פּלישתים האָבן זיי נאָכגעיאָגט און זיי צעשלאָגן. און זיי האָבן אָנגעיאָגט ש א ו ל'ן מיט זיינע זין; און זיי האָבן דער'ה ר ג'עט י ו נ ת נ'ען, און אין ש א ו ל'ן האָבן זיי אַריינגעשאָסן זייערע פיילן.

האָט ש א ו ל געזאָגט זיין געווער-טרעגער: „ציי אַרויס דיין שווערד און דערשטעך מיך, ווייל איך וויל ניט אַריינפאַלן אַ לעבע-דיקער אין די הענט פון אָט די ג ו י י ם (גאָאים)“. האָט דער גע-ווער-טרעגער מ ו ר א געהאַט און ניט געוואָלט דאָס טאָן. האָט ש א ו ל גענומען זיין שווערד, זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים און איז געפאַלן טויט.

און ווען די ב נ י - י ש ר א ל האָבן דערזען, אַז ש א ו ל און זיינע זין זיינען געפאַלן טויט, זיינען זיי זיך צעלאָפן פון זייערע שטעט און די פּלישתים זיינען געקומען און האָבן די שטעט פאַרנומען.

אויף מאָרגן האָבן די פּלישתים געפונען די קערפּערס פון ש א ו ל'ן און זיינע זין. האָבן זיי זיי צוגענומען און אויפגעהאַנגען אויף דעם מויער פון זייערער אַ שטאָט, כ ד י צו לאָזן וויסן די פּלישתים וועגן דעם גרויסן זיג, וואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן. און ווען די איינוואוי-נער פון י ב ש - ג ל ע ד (יאָוועש-גילאַד) האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, זיינען זיי געגאַנגען ביינאַכט, זיך צוגע'ג נ ב'עט צום פּלאַץ, וואו ש א ו ל'ס קערפּער איז געהאַנגען, האָבן צוגענומען די קערפּערס פון ש א ו ל'ן און זיינע זין און זיינען אַוועק צו זיך אַהיים און באַערדיקט זיי אונטער אַ בוים.

## 45. ד ו ד באַקלאָגט ש א ו ל'ן.

אין דריטן טאָג אַרום איז אָנגעקומען צו ד ו ד'ן אַ מאַן. זײַנע קלײדער זײַנען געװען צעריסן, זײַן קאָפּ איז געװען באַדעקט מיט אַש. ער האָט זיך געבוקט צו ד ו ד'ן און געזאָגט: „איך בין אַנטלאָפן פון דער מ ח נ ה פון י ש ר א ל. דאָס פאָלק איז אַנטלאָפן, און אַ ס ך זײַנען געפאַלן טויט. און ש א ו ל און זײַן זון י ו נ ת ן זײַנען אויך געשטאָרבן."

װען ד ו ד און זײַנע מענשן האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי צע־ריסן אויף זיך די קלײדער און געװײנט, און געפאַסט ביז'ן אָװנט, און געקלאָגט אויף דעם טויט פון ש א ו ל און י ו נ ת ן, זײַן זון, און אויף די ב נ י - י ש ר א ל, װאָס זײַנען געפאַלן דורכ'ן שװערד. און ד ו ד האָט געזונגען אַ קלאָג-ליד אויף ש א ו ל'ן און י ו נ ת ן, זײַן זון, און געזאָגט:

„די שענסטע פון י ש ר א ל זײַנען געפאַלן אויף דײַנע בערגלאַך.
װי זײַנען דאָס געפאַלן אָט די העלדן?
דערצײלט ניט אין דער שטאָט ג ת (גאַס), זאָגט ניט אָן
אויף די גאַסן פון אַשקלון,
עס זאָלן זיך ניט פרײען די טעכטער פון די פּלישתּים,
עס זאָלן ניט יובלען די טעכטער פון די ג ו י י ם.
אָ, איר בערג גילבואַ! זאָל אויף אײַך ניט פאַלן קײן טױ און
קײן רעגן,
װײַל אויף אײַך זײַנען אַראָפּגעפאַלן די פּאַנצירן פון די העלדן,
דער פּאַנציר פון ש א ו ל'ן און י ו נ ת נ'ען.
י ו נ ת נ'ס בויגן האָט קײנמאָל ניט פאַרפעלט,
און ש א ו ל'ס שװערד האָט זיך קײנמאָל ניט צוריקגעצויגן
מיט לײדיקן.
ש א ו ל און י ו נ ת ן, די בעסטע פרײַנד און געליבטע
בײַם לעבן —
האָבן זיך אויך בײַם טויט ניט צעשײדט.

זײַ זײַנען לײַכטער געװען פֿון אָדלערס און שטאַרקער פֿון לײבן.
טעכטער פֿון ישראל! װײנט אױף שאול'ן,
װאָס האָט אײַך אָנגעטאָן אין טײַערע קלײדער
און באַצירט אײַערע קלײדער מיט גאָלד.
עס פֿאַרדריסט מיך אױף דיר, ברודער יונתן!
דו ביסט מיר אַזױ אָנגענעם געװען;
דו ביסט מיר ליבער געװען, װי אַלע פֿרױען.
װי זײַנען דאָס געפֿאַלן אָט די העלדן.
און װי איז דאָס פֿאַרלאָרן געגאַנגען זײער געװער?!

## 46. דוד װערט קעניג אין חברון (כעװרױן).

באַלד נאָך שאול'ס טױט איז דוד מיט זײַנע מענטשן און מיט זײַן הױז-געזינד אַװעק אין דער שטאָט חברון. האָבן זיך אַהין פֿאַרזאַמלט די אײַנװאױנער פֿון יהודה און געזאַלבט דאָרט דוד'ן פֿאַר אַ קעניג איבער גאַנץ יהודה. און דוד האָט געמאַכט יואָב'ן (יױאָװ), זײַן שװעסטערקינד, פֿאַר זײַן קריגס-עלטסטן.

און אַבנר, דער קריגס-עלטסטער פֿון שאול'ן, האָט גענומען שאול'ס זון, איש-בושת'ן (אישבױשעסן), געבראַכט אים אין דעם שטעטל מחנים (מאַכנאַאים) און געמאַכט אים דאָרט פֿאַר קעניג איבער די איבעריקע בני-ישראל.

און אײנמאָל האָט זיך אַבנר צוזאַמענגעטראָפֿן מיט דוד'ס קריגס-עלטסטן, יואָב'ן. האָט ער אים געזאָגט: „זאָלן אונזערע יונגװאַרג אַרױס און שפּילן זיך פֿאַר אונז.‟ האָט יואָב צוגעשטימט.

האָבן זײ אױסגעקליבן צו צװעלף פֿון זײערע יונגען פֿון דוד'ס זײַט און פֿון איש-בושת'עס זײַט. און די יונגען האָבן זיך געבאָרעט צװישן זיך, און דערנאָך האָבן זײ זיך אָנגעהױבן שלאָגן, ביז עס האָט זיך פֿאַרפֿירט אַ גאַנצער קריג צװישן אַבנר'ס מענטשן און יואָב'ס מענטשן. און זײ האָבן זיך געשלאָגן אַ גאַנצן טאָג, ביז אַבנר און זײַנע מענטשן זײַנען אַנטלאָפֿן.

און י ו אָ ב'ס אינגערער ברודער, דער שנעלפיסיקער ע ש ה א ל (אַסאָעל), האָט זיך געלאָזט נאָכיאָגן אַ ב נ ר'ן. ווען אַ ב נ ר האָט אים דערזען, האָט ער אים געזאָגט: „לאָז אָפּ! פאַרוואָס זאָל איך דיך דער'הר ג'ענען? איך וועל דערנאָך ניט קענען קוקן גלײַך אין פּ נ י ם אַרײַן דעם ברודער דײַנעם, י ו אָ ב'ן."

האָט ע ש ה א ל ניט געוואָלט אָפּלאָזן אַ ב נ ר'ן. האָט אַ ב נ ר אַרויסגענומען זײַן שווערד און דער'הר ג'עט ע ש ה א ל'ן. און י ו אָ ב מיט ד ו ד'ס מענשן האָבן נאָכגעיאָגט אַ ב נ ר'ן מיט זײַנע מענשן ביז אין אָוונט. און אין אָוונט האָט זיך אַ ב נ ר מיט זײַנע מענשן פאַרקליבן אויף אַ בערגל, און אַ ב נ ר האָט אויסגערופן: „ווי לאַנג נאָך, י ו אָ ב, וועט די שווערד האַלטן אין טײַטן? פאַרוואָס זאָלסטו ניט הייסן דײַנע מענשן אויפהערן שלאָגן זייערע ברי־דער?"

האָט י ו אָ ב געבלאָזן אין ש ו פ ר (שויפער), זײַנען זיך צונויפגעקומען זײַנע מענשן, און ער האָט אָפּגעשטעלט דעם קריג. און זיי זײַנען אַוועק אין ח ב ר ו ן, נעמענדיק מיט זיך דעם קערפּער פון דעם דער'הר ג'עטן ע ש ה א ל'ן.

## 47. אַ ב נ ר'ס טויט.

און צווישן ד ו ד'ן און ש א ו ל'ס הויזגעזינד איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגער, אַ דויערנדער קאַמף. און ד ו ד איז געוואָרן אַלץ שטאַר־קער, און ש א ו ל'ס הויזגעזינד אַלץ שוואַכער. און אײַנמאָל האָט א י ש ־ ב ו ש ת באַליידיקט אַ ב נ ר'ן. איז אַ ב נ ר געוואָרן בייז אויף אים און געשוואָרן, אַז ער וועט די מ ל ו כ ה פון ש א ו ל'ס הויז איבערגעבן ד ו ד'ן.

האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט די עלטסטע פון די ב נ י ־ י ש ר א ל און האָט זיי געזאָגט אַזוי: „איך ווייס דאָך, אַז איר האָט שוין פון לאַנג אָן געוואָלט מאַכן ד ו ד'ן פאַר אײַער קעניג. איצט טוט אַזוי, ווײַל ד ו ד איז דאָך דער, וואָס האָט אונז געהאָלפן פון די פלישתים."

זיינען די עלטסטע פון די בני־ישראל געניינט געווען צו־צוהערן זיך צו אבנר'ן.

איז אבנר אוועק צו דוד'ן און האט אים געזאגט: „איך וועל גיין צונויפנעמען גאנץ ישראל, און זאלן זיי מיט דיר שליסן אן אפמאך, און וועסט קעניג איבער'ן גאנצן לאנד.“

האט דוד געמאכט א מאלצייט פאר אבנר'ן מיט זיינע מענשן. און נאכ'ן מאלצייט האט ער אים אפגעלאזט אין פרידן. ווען אבנר איז אוועק, איז יואב אנגעקומען. האט מען אים דער־ציילט, אז אבנר איז דא געווען ביים קעניג, און אז דער קעניג האט אים געלאזט אוועק אין פרידן. האט יואב, אן דוד'ס וויסן, געשיקט מענשן און געבעטן אבנר'ן צוריקקערן זיך. ווען אבנר האט זיך צוריקגעקערט אין חברון, האט אים יואב גענומען אויף א זייט, פארפירט מיט אים א שמועס און שטילערהייט אריינגעשטאכן אים דעם שווערד אין זייט אריין און אים דער־הרג'עט.. אזוי האט ער זיך מיט אים אפגערעכנט פאר עשהאל, זיין ברודער.

ווען דוד האט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האט ער געהייסן אלעמען צערייסן אויף זיך די קליידער און באוויינען אבנר'ן. און ער האט געזאגט: „איך און מיין פאמיליע זיינען ריין פון דעם בלוט פון אבנר'ן. זאל זיין בלוט פאלן אויפ'ן קאפ פון יואב'ן און פון זיין הויזגעזינד. זאלן קיינמאל אין זיין משפחה ניט פעלן קיין הונגעריקע און קיין קראנקע.“

און דוד האט געוויינט און באקלאגט אבנר'ן, באגלייטנדיק אים צו זיין קבר. און ער האט געזאגט: „האט דען אבנר געדארפט שטארבן אזא מיאוס'ן טויט? זיינע הענט זיינען פריי, און זיינע פיס זיינען ניט געווען געבונדן אין קייטן. און געפאלן איז ער ווי א פארברעכער.“

און דאס פאלק האט מיטגעוויינט מיט דוד'ן. ווען מען האט געוואלט געבן דוד'ן עסן, האט ער ניט גענומען, און ער האט גאר־נישט פארזוכט ביז אין אוונט. ער האט געזאגט צו זיינע דינער:

„איר פאַרשטייִט דאָך. עס איז היינט געפאַלן אַ האַר און אַ גרויסער מאַן אין י ש ר א ל.“

האָט דאָס פאָלק פאַרשטאַנען, אַז ד ו ד איז ניט שולדיק אין אַ ב נ ר'ס טויט.

## 48. ד ו ד ווערט קעניג איבער גאַנץ י ש ר א ל.

ווען ש א ו ל'ס זון האָט דערהערט, אַז אַ ב נ ר איז טו׳ט, האָבן זיך ביי אים גאָר אָפּגעלאָזט די הענט. און גאַנץ י ש ר א ל איז צעטומלט געוואָרן. און איינמאָל זיינען צו א י ש - ב ו ש ת'ן געקומען צוויי מענשן. זיי האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר וויין־אויפקויפער. ווען זיי זיינען אַריין צו אים אין צימער, האָבן זיי אים געטראָפן, ווי ער ליגט ביי זיך אויפ'ן בעט און רוט זיך אָפּ. האָבן זיי אים דער־ה ר ג'עט, אַראָפּגענומען ביי אים דעם קאָפּ און געבראַכט צו ד ו ד'ן אין ח ב ר ו ן.

און זיי האָבן געזאָגט ד ו ד'ן: „נאַ, אָט האָסטו דעם קאָפּ פון דיין פיינט.“ איז ד ו ד בייז געוואָרן אויף די צוויי מענשן, פאַר וואָס זיי האָבן דער'ה ר ג'עט דעם קעניג פון י ש ר א ל, און ער האָט זיי געהייסן טייטן דערפאַר.

און די עלטסטע פון אַלע ש ב ט י ם פון י ש ר א ל זיינען געקומען צו ד ו ד'ן אין ח ב ר ו ן און געזאָגט: „דו ביסט דאָך אונ־זערער אַן אייגענער. ווען ש א ו ל האָט נאָך געלעבט, ביסטו דאָך געוועזן דער, וואָס האָט די ב נ י - י ש ר א ל געפירט אין מ ל ח מ ה. איצט ווער דער עלטסטער איבער גאַנץ י ש ר א ל.

האָט ד ו ד געשלאָסן אין ח ב ר ו ן אַן אָפּמאַך מיט די עלט־סטע פון י ש ר אָ ל, און זיי האָבן אים געזאַלבט פאַר קעניג איבער גאַנץ י ש ר א ל.

דרייסיק יאָר איז ד ו ד אַלט געווען, ווען ער איז געוואָרן קעניג, און זיבן יאָר מיט אַ האַלב איז ער געווען קעניג אין ח ב ר ו ן. דאַמאָלסט איז ער מיט זיינע מענשן אַוועק אין דער

שטאָט ירושלים, וואו עס האָבן געוואוינט די יעוואוסים, ער האָט אײַנגענומען די פעסטע שטאָט און געמאַכט זי פאַר זײַן הויפּט־שטאָט.

ווען די פּלישתים האָבן דערהערט, אַז דוד איז געוואָרן קעניג איבער גאַנץ ישראל, זײַנען זיי אַלע אַרויס קעגן דוד'ן. אָבער דוד האָט זיי צעשלאָגן, און ער האָט אויף אייביק אונטערטעניק געמאַכט די פּלישתים צו די בני־ישראל.

און דוד האָט נאָכדעם צעשלאָגן מואב (מויאָוו), און עמון (אַמוין), און ארם (אַראַם), און ער האָט זיי אויך אונטערטעניק געמאַכט צו די בני־ישראל; און ער האָט אוועקגעזעצט בײַ זיי זײַנע באַאַמטע, און ער האָט פון זיי גענומען צינזן.

## 49. דוד ברענגט דעם ארון קיין ירושלים.

ווען דוד האָט זיך באַפעסטיקט אין ירושלים, האָט ער באַשלאָסן צו ברענגען אַהין דעם הייליקן ארון, צו וועלכן די בני־ישראל פלעגן קומען בוקן זיך און ברענגען זייערע מתנות.

האָט דוד צונויפגעקליבן דרײַסיק טויזנט מאַן און איז אַוועק אין דעם פּלאַץ, וואו עס איז געשטאַנען דער הייליקער ארון. און זיי האָבן אַרויפגעשטעלט דעם ארון אויף אַ נײַעם וואָגן, און זיי האָבן אים אַוועקגעפירט קיין ירושלים. און דוד און די בני־ישראל האָבן געטאַנצט פאַר'ן ארון, און געשפּילט אויף האַרפעס און פליוטן, און פויקן און גלעקלאַך.

און מען האָט געבראַכט דעם ארון און אַוועקגעשטעלט אים אין דעם געצעלט, וואָס דוד האָט פאַר אים אויפגעשטעלט. און דוד האָט פאַר אים געבראַכט קרבנות (קאָרבאָנעס). נאָכדעם האָט דוד געבענטשט דאָס פאָלק און אויסגעטיילט אַלעמען, יעדן מאַן און פרוי פון ישראל, צו איין לעבל ברויט און צו גלאָז ווײַן. און דאָס פאָלק איז זיך אַוועק אַהיים צופרידן.

און מיכל, שאול'ס טאָכטער, ווען דוד האָט צוריק־

געגומען פאר א ווייב, האט געקוקט דורכ׳ן פענסטער און געזען, ווי ד ו ד טאנצט און שפרינגט פאר׳ן אָ ר ו ן. האט זי אים פאר־מ י א ו ס׳ט ביי זיך אין הארצן. און ווען ד ו ד איז געקומען אהיים, איז מ י כ ל ארויס אנטקעגן אים און האט אים געזאָגט: „דער קעניג האט זיך היינט זייער שיין ארויסגעוויזן פאר זיינע דינסטן. אזוי ווי איינער פון דעם פראסטן פאלק האט ער זיך היינט אויפ־געפירט.“

האט איר ד ו ד געענטפערט: „ניט פאר מענשן האב איך זיך דערנידעריקט און געטאנצט, נאר פאר דעם הייליקן אָ ר ו ן.“ און ער איז בייז געווארן אויף מיכלען און זי מער ניט געוואָלט זען.

און ד ו ד האט זיך געלאָזט אויסבויען א שיינעם פאלאץ פון צעדערהאָלץ. און ווען ער איז געזעסן ביי זיך אין הויז, נאכדעם ווי ער האט זיך באַרואיקט פון אלע זיינע פיינט ארום, האט ער גערופן צו זיך נ ת ן (נאָסן) דעם נ ב י א (נאָווי) און געזאָגט: „זעסט, אט וואוין איך אין א הויז פון צעדערן, און דער הייליקער אָ ר ו ן איז אין א געצעלט.“

האט אים נ ת ן געענטפערט: „טו, ווי דיר געפעלט.“ אָבער אויף מאָרגן אין דער פרי איז צו אים נ ת ן געקומען און געזאָגט: „די גאנצע צייט, וואס די ב נ י - י ש ר א ל זיינען ארויס פון מ צ ר י ם, איז דער אָ ר ו ן געווען אין א געצעלט. זאָל ער אויך איצט פארבלייבן אין א געצעלט, ווייל דו ביסט דאָך אויך געקומען פון געצעלטן, פון אהינטער די שעפסן, צו ווערן דער עלטסטער פון דעם פאלק י ש ר א ל.

„און דערצו האסטו געפירט מ ל ח מ ו ת גרויסע און פארגאָסן בלוט א ס ך, דערפאר פאסט ניט פאר דיר צו בויען א הויז פאר דעם הייליקן אָ ר ו ן. עס וועט ביי דיר געבאָרן ווערן א זון, וועלכער וועט זיין רואיק פון אלע פעלקער ארום. ער וועט אויפבויען א הויז פאר דעם אָ ר ו ן, א שטענדיקע וואוינונג פאר אים, און אויך זיין טראָן און זיין קעניגרייך וועלן ווערן שטענדיקע, פעסטע, אויף אייביק.“

## 50. דוד און בת־שבע (באַס־שעוואַ).

אײנמאָל האָט ד ו ד שפּאַצירט בײַ זיך אויפ'ן דאַך פון הויז. האָט ער דערזען אַ פרוי אויפ'ן צווייטן דאַך. די פרוי איז געווען זייער אַ שײנע, האָט זי ד ו ד ליב באַקומען און געשיקט אויסגעפינען, ווער זי איז. האָט זיך ד ו ד דערוואוסט, אַז זי הייסט ב ת ־ ש ב ע (באַס־שעוואַ), און אַז זי האָט אַ מאַן מיטן נאָמען א ו ר י ה (אוריאַ).

און ד ו ד האָט דעמאָלט געפירט אַ מ ל ח מ ה מיט ע מ ו ן (אַמוין). האָט ער געהייסן רופן צו זיך א ו ר י ה'ן, און ער האָט אים געגעבן אַ בריוו אַפּצוטראָגן י ו אָ ב'ן, וועלכער האָט אָנגעפירט די מ ל ח מ ה. און אין בריוו האָט ער געשריבן אַזוי:

„י ו אָ ב! שטעל אַוועק א ו ר י ה'ן אין אַ געפערלאַכן פּלאַץ, און זאָל ער געטויט ווערן.“ האָט י ו אָ ב אַזוי געטאָן, און א ו ר י ה איז געה'רג'ט געוואָרן. און ווען ב ת ־ ש ב ע האָט געענדיקט אירע טרויער־טעג נאָך איר מאַן, האָט ד ו ד געשיקט און גענומען זי פאַר אַ ווײַב.

איז צו ד ו ד'ן געקומען נ ת ן דער נ ב י א און אים געזאָגט: „קעניג, אין אַ שטאָט זײַנען געווען צוויי מענשן, אײנער אַ רײַכער, און דער אַנדערער אַן אָרימער. דער רײַכער האָט געהאַט זייער פיל שאָף און רינדער, און דער אָרימאַן האָט געהאַט בלויז איין קליין שעפעלע. ער האָט זי געהאָדעוועט צוזאַמען מיט זײַנע קינדער, פלעגט איר געבן עסן פון זײַן ברויט און טרינקען פון זײַן גלאָז. און זי איז געווען בײַ אים ווי אַ טאָכטער. איז אײנמאָל צום רײַכן מאַן געקומען אַ גאַסט. האָט ער געזשאַלעוועט צו נעמען פון זײַנע שעפסן אויף צוגרייטן אַ מאָלצײַט פאַר דעם גאַסט. האָט ער בײַם אָרימאַן צוגענומען דאָס שעפסעלע, געקוילעט עס און צוגעגרייט פאַר דעם גאַסט.“

ווי ד ו ד האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן אין כ ע ס און האָט אויסגערופן: „איך שווער דיר, נ ת ן, אַז דער, וואָס האָט אַזוי געטאָן, איז ווערט, מען זאָל אים טייטן. און פאַר דעם שעפעלע דאַרף ער באַצאָלן פיר, ווײַל ער האָט געטאָן אַזאַ מ י א ו ס'ע זאַך.

האָט נ ת ן געזאָגט ד ו ד'ן: „דו ביסט דאָס דער מאַן. זע, דו ביסט געוואָרן קעניג איבער גאַנץ י ש ר א ל און י ה ו ד ה. דו האָסט זיך גענומען ווייבער, וויפיל דו האָסט געוואָלט. און אויב ווייניק, וואָלסטו געקענט נעמען נאָך. און א ו ר י ה האָט געהאַט איין ווייב. האָסטו אים דער'הר ג'עט מיט דעם שווערד פון ע מ ו ן, און זיין ווייב האָסטו צוגענומען זיך. און איצט וועט מוזן אָנקומען דער־פאַר אַן אומגליק אויף דיין הויז.“

האָט ד ו ד געזאָגט: „איך האָב געזינדיקט.“

אין אַביסל צייט אַרום האָט ב ת ־ ש ב ע געבאָרן ד ו ד'ן אַ אינגל. איז דער אינגל קראַנק געוואָרן. האָט ד ו ד געפאַסט, זיך געלייגט שלאָפן אויף דער ערד און געטרויערט. זיינען זיינע דינער גע־קומען און געוואָלט אים אויפהייבן פון דער ערד און געבעטן אים, ער זאָל עפּעס עסן. האָט ד ו ד ניט געוואָלט.

אויפ'ן זיבעטן טאָג איז דאָס קינד געשטאָרבן. האָבן ד ו ד'ס דינער מ ו ר א געהאַט צו לאָזן אים וויסן וועגן דעם, ווייל זיי האָבן געטראַכט: „אויב דאַן, ווען דאָס קינד האָט נאָך געלעבט, האָט דער קעניג ניט געוואָלט צוהערן זיך צו אונזערע טרייסט־רייד, איז וואָס וועט נאָך זיין איצט, ווען מיר וועלן אים אָנזאָגן אָט די שלעכטע נייעס.“

און ד ו ד האָט דערזען, ווי זיינע דינער שושקען זיך עפּעס צווישן זיך. האָט ד ו ד זיי געפרעגט: „איז דאָס א מ ת, אַז דאָס קינד איז געשטאָרבן?“ האָבן זיי געזאָגט: „יאָ.“

איז ד ו ד אויפגעשטאַנען פון דער ערד, האָט זיך אַרומגעוואַשן און זיך איבערגעטאָן און געבעטן, מען זאָל אים דערלאַנגען עסן. האָבן אים די דינער געפרעגט: „קענסטו אונז דערקלערן, קעניג, דיין אויפפיר? ווען דאָס קינד האָט נאָך געלעבט, האָסטו געפאַסט און גע־וויינט; און איצט, ווען דאָס קינד איז געשטאָרבן, ביסטו אויפגע־שטאַנען און געבעטן עסן.“

האָט ד ו ד געענטפערט: „ווען דאָס קינד האָט נאָך געלעבט, האָב איך געפאַסט, ווייל איך האָב געטראַכט, א פ ש ר וועט דאָס

העלפן, און דאָס קינד וועט געזונט ווערן. איצט אָבער, אַז דאָס קינד איז מער ניטאָ, צו וואָס זאָל איך ווײַטער פאַסטן? וועל איך אים דען קענען אומקערן צוריק צום לעבן? איך וועל אַמאָל גײן צו אים, אָבער ער וועט זיך צו מיר אַהער ניט אומקערן."

און ד ו ד האָט געטרייסט ב ת - ש ב ע'ן, און אין אַ צײַט אַרום האָט ב ת - ש ב ע געבוירן ד ו ד'ן נאָך אַ אינגל, און ד ו ד האָט אים אַ נאָמען געגעבן ש ל מ ה (שלוימע).

## 51. אַ ב ש ל ו ם (אַווּשאָלעם).

ד ו ד'ס עלטסטער זון האָט געהייסן אַמנוין, און ער האָט געזאָלט ווערן קעניג נאָך ד ו ד'ן. דער צווייטער זון זײַנער האָט געהייסן אַ ב ש ל ו ם (אַווּשאָלעם). איינמאָל האָט אַמנוין באַליידיקט אַ ב ש ל ו ם'ס לײַבלאַכע שוועסטער — ת מ ר'ן (טאַמאַרן). איז אַ ב ש ל ו ם בייז געוואָרן אויף אַמנוינען און האָט אים פײַנט גע-קראָגן.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט אַ ב ש ל ו ם געמאַכט בײַ זיך אַ י ו ם - ט ו ב. האָט ער צווישן אַנדערע אײַנגעלאַדן צו זיך אויך אַמנוינען. און אויפ'ן י ו ם - ט ו ב האָט אַ ב ש ל ו ם געהייסן זײַנע דינער, און זיי האָבן דער'ה ר ג'עט אַמנוינען. ווען ד ו ד האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער צעריסן אויף זיך זײַנע קליידער און געוואָרפן זיך אויף דער ערד און געוויינט. און אַ ב ש ל ו ם איז אַנטלאָפן פון י ר ו ש ל י ם צו זײַן זיידן, דעם קעניג פון גשור.

און ער האָט דאָרט פאַרבראַכט דרײַ יאָר. און ד ו ד האָט בים-לאַכווײַז פאַרגעסן אין אַמנוינען, און אים האָט פאַרדראָסן, וואָס אַ ב ש ל ו ם איז ערגעץ ווײַט פון אים.

ווען י ו אָ ב האָט זיך דערוואוסט, אַז דער קעניג איז שוין ניט מער בייז אויף אַ ב ש ל ו ם'ען, האָט ער גערופן צו זיך זײַנע אַ באַ-קאַנטע קלוגע פרוי און איר געזאָגט: „טו זיך אָן אין טרויער-קליידער, דו זאָלסט אויסזען ווי איינע, וואָס קלאָגט נאָך אַ טויטן אַ לאַנגע צײַט.

און דו וועסט קומען צום קעניג, און דו וועסט אים זאָגן, וואָס איך וועל דיר הייסן."

האָט די פרוי אַזוי געטאָן, און זי איז געקומען צום קעניג און האָט אים געזאָגט: „העלף מיר, קעניג!" — האָט ביי איר דער קעניג גע־פרעגט: „וואָס איז דיר?"

האָט זי געזאָגט: „איך בין אַן אַ ל מ נ ה (אַלמאָנע). מיין מאַן איז געשטאָרבן און האָט מיר איבערגעלאָזן צוויי זין. זיינען זיי אַמאָל ביידע געווען אין פעלד, האָבן זיך דאָרט צעקריגט, און איינער האָט דעם צווייטן אַ קלאַפּ געטאָן און האָט אים געטויט. איז געקומען מיין מאַנס מ ש פ ח ה (מישפּאָכע) און האָט מיר געזאָגט: „גיב אונז אַרויס דעם מערדער, וואָס האָט געטויט זיין ברודער, און מיר וועלן אים ה ר ג'ענען." וואָס וועט אָבער מיר אַרויסקומען, ווען זיי וועלן פאַרניכטן אויך דעם איינציקן י ו ר ש (יוירעש) מיינעם, עס זאָל ניט בלייבן אַ פ י ל ו קיין אָנדענקען נאָך מיר און נאָך מיין מאַן אויף דער ערד?"

האָט ד ו ד איר געענטפערט: „גיי אַהיים, און איך וועל שוין די זאַך באַזאָרגן. איך וועל זען, אַז פון דיין זון זאָל אַ פ י ל ו קיין האָר אויף דער ערד ניט אַראָפּפאַלן."

האָט די פרוי געזאָגט: „זעסט, קעניג, דו זאָרגסט זיך וועגן אַנ־דערע, און פאַרוואָס זאָרגסטו זיך ניט וועגן דיין פאַרשטויסענעם? פאַרוואָס קערסטו אים ניט אום?"

האָט דער קעניג געזאָגט: „זאָג דעם א מ ת: האָט דאָס דיך י ו אָ ב אָנגעלערנט צו קומען צו מיר מיט דער גאַנצער מ ע ש ה?"

האָט די פרוי געזאָגט: „יאָ. דאָס האָט ער מיר געזאָגט וואָרט אין וואָרט, וואָס איך זאָל רעדן. און דו, קעניג, ביסט זייער קלוג און ווייסט און פאַרשטייסט אַלץ אויף דער וועלט."

נאָכדעם האָט ד ו ד גערופן י ו אָ ב'ן און אים געהייסן צוריק־קערן אַ ב ש ל ו מ'ען. איז י ו אָ ב געגאַנגען אין ג ש ו ר און געבראַכט פון דאָרט אַ ב ש ל ו מ'ען קיין י ר ו ש ל י ם. האָט

ד ו ד געהייסן, א ב ש ל ו ם זאָל גיין צו זיך אַהיים, און זאָל זיך ניט באַווייזן פאַר זיינע אויגן.

און אַ ב ש ל ו ם איז געווען זייער אַ שיינער. דער שענסטער פון אלעמען אין י ש ר א ל. און ווען ער פלעגט אָפּשערן זיינע האָר איין מאָל אין יאָר, ווייל עס איז אים שווער געווען זיי צו טראָגן, פלעגן זיי וועגן צוויי הונדערט פונט.

האָט אַ ב ש ל ו ם אָפּגעוואוינט אין י ר ו ש ל י ם צוויי יאָר צייט און ניט געזען דעם קעניג. האָט ער געשיקט רופן י ו אָ ב'ן, יענער זאָל בעטן פאַר אים ביים קעניג, ער זאָל אים לאָזן קומען אין קעניגלאַכן הויף. איז י ו אָ ב ניט געקומען. האָט אַ ב ש ל ו ם געשיקט זיינע דינער, און זיי האָבן אונטערגעצונדן י ו אָ ב'ס אַ פעלד מיט ת ב ו א ה (טוואוּ). איז י ו א ב געקומען צו אַ ב ש ל ו מ'ען און געפרעגט: „פאַרוואָס האָסטו אונטערגעצונדן מיין פעלד?"

האָט אים אַ ב ש ל ו ם געזאָגט: „איך האָב דיך געשיקט רופן, געוואָלט דיך בעטן, זאָלסט פ ו ע ל'ן ביים קעניג, ער זאָל מיך לאָזן קו-מען צו אים אין הויף — זען אים; ביסטו ניט געקומען. און איצט וואָלט שוין בעסער געווען, איך זאָל פאַרבלייבן אין ג ש ו ר, איידער קומען אַהער און ניט קענען זען דעם קעניג."

האָט י ו אָ ב איבערגעגעבן וועגן דעם ד ו ד'ן. און ד ו ד האָט גערופן אַ ב ש ל ו מ'ען צו זיך, און זיי האָבן זיך צעקושט.

## 52. אַ ב ש ל ו מ'ס אויפשטאַנד.

און אַ ב ש ל ו ם האָט זיך געמאַכט אַ רייטוואָגן, און פופציק מענטשן פלעגן לויפן פאָרויס פאַר זיין רייטוואָגן. און יעדן אינדערפרי פלעגט זיך אַ ב ש ל ו ם אַוועקשטעלן ביים טויער פון קעניגלאַכן הויף, וואוהין עס פלעגן קומען מענטשן לאָדן זיך, און ער פלעגט אויס-פרעגן יעדן איינעם, און ער פלעגט אים זאָגן: „דו ביסט דער גערעכ-טער. נאָר אַ שאָד, וואָס דער קעניג הערט זיך ניט צו צו דיר. ווען איך וואָלט געווען דער ריכטער פון לאַנד, וואָלט איך דיר שוין גערעכט

געגעבן.״ און אַז װער עס איז פלעגט צוקומען צו אים און באַגריסן, פלעגט אים אַ ב ש ל ו ם געבן די האַנט און צעקושן זיך מיט אים. אַזוי פלעגט אַ ב ש ל ו ם טאָן מיט יעדן אײנעם, און ער האָט צוגעצויגן צו זיך די הערצער פון דעם גאַנצן פאָלק. װען אַ ב ש ל ו ם איז אַלט געװאָרן פערציק יאָר, האָט ער געבעטן ד ו ד'ן, ער זאָל אים אָפּלאָזן גײן אין דער שטאָט ח ב ר ו ן, װאו ער װיל ברענגען אַ ק ר ב ן אויף דעם דאָרטיקן מ ז ב ח (מיזבײאַך). האָט אים דאָס ד ו ד ערלויבט.

און אַ ב ש ל ו ם האָט צעשיקט איבער אַלע ש ב ט י ם זײַנע מענטשן און זײ געהײסן זאָגן: „װען איר װעט דערהערן דעם ק ו ל פון ש ו פ ר (שויפער), זאָלט איר װיסן, אַז אַ ב ש ל ו ם איז געװאָרן קעניג אין ח ב ר ו ן.״ און אַ ב ש ל ו ם האָט גערופן צו זיך אַ ח י ת ו פ ל'ן (אַכיסויפעלן), דעם קליגסטן פון ד ו ד'ס ראַטגעבער, און זײ האָבן אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן ד ו ד'ן. און דאָס פאָלק איז אַלץ מער און מער צוגעשטאַנען צו אַ ב ש ל ו ם'ען.

האָט מען דערצײלט ד ו ד'ן, אַז אַ ב ש ל ו ם איז אויפגעשטאַנען קעגן אים. האָט ד ו ד געזאָגט זײַנע דינער: „קומט, לאָמיר אַנטלויפן פון י ר ו ש ל י ם, װײַל אַ ב ש ל ו ם װעט אונז ניט שאַנעװען. לאָמיר זיך צואײַלן, װײַל ער װעט באַלד אַהער אָנקומען און װעט פאַרניכטן די שטאָט מיט דער שװערד.״

האָט ד ו ד איבערגעלאָזן צען פון זײַנע דינסטן היטן דאָס הויז און ער מיט זײַן גאַנץ הויז־געזינד און מיט זײַן לײַב־װאַך זײַנען אַװעק פון י ר ו ש ל י ם. און אויף דעם גאַנצן װעג, װאָס ד ו ד איז פאַרבײַגעגאַנגען, האָט דאָס פאָלק געװײנט אויפ'ן ק ו ל. און צ ד ו ק (צאַדיק) דער כ ו ה ן, האָט געװאָלט מיט זיך מיטנעמען דעם הײליקן אָ ר ו ן. האָט אים ד ו ד געזאָגט: „קער זיך אום צוריק. דאָ האָסטו דײַן זון אַ ח י מ ע ץ (אַכימאַאַץ); דו װעסט אויסגעפינען אַלץ, װאָס טוט זיך אין שטאָט, און װעסט מיר דורך דײַן זון לאָזן װיסן װעגן דעם.״

און ד ו ד איז געגאַנגען װײַטער. ער איז געגאַנגען אַ באָרװעס־

סער, דעם קאָפּ באַדעקט מיט אַש. און אַלע די, וואָס זײַנען געגאַנגען מיט אים, האָבן באַדעקט זײַערע קעפּ מיט אַש, געגאַנגען און געוויינט.

און ד ו ד האָט געזאָגט צו איינעם פון זײַנע עלטסטע ראַט־געבער ח ו ש י (כושאַי): „ווען דו וועסט גיין מיט מיר, וועסטו נאָר זײַן פאַר מיר אַן איבעריקע לאַסט. קער זיך אום אין שטאָט און זע דאָרט צו פאַרשטערן אַ ח י ת ו פ ל׳ס ע צ ה. אַלץ, וואָס דו וועסט זיך דערוויסן, גיב איבער צ ד ו ק׳ן, און ער וועט שוין וועגן דעם איבערגעבן מיר. און ח ו ש י האָט זיך אומגעקערט אין י ר ו ש ל י ם. און אַ ב ש ל ו ם איז באַלד נאָכדעם אויך אָנגעקומען אַהין.

און ד ו ד איז אַלץ ווײַטער געלאָפן פון י ר ו ש ל י ם. אויפ׳ן וועג איז אַרויס אַנטקעגן אים אַ מאַן פון ש א ו ל׳ס מ ש פ ח ה, מיט׳ן נאָמען ש מ ע י (שימי). ער האָט געוואָרפן אויף ד ו ד׳ן מיט שטיינער, האָט אים געזידלט און געשאָלטן. „אַוועק, דו בלוטיקער מענש, דו אויסוואורף!‟ — האָט ער געשריען. — „דאָס ווערט דיר איצט באַצאָלט פאַר׳ן בלוט פון ש א ו ל׳ס הויזגעזינד, וואָס דו האָסט פאַרכאַפּט זײַן מ ל ו כ ה. איצט פאַרכאַפּט דײַן זון דײַן קעניגרײַך. עס ווערט דיר באַצאָלט פאַר דעם גאַנצן שלעכטס, וואָס דו האָסט געטאָן!‟

האָט אַ ב י ש י (אַווישאַי), י ו אָ ב׳ס ברודער, געזאָגט ד ו ד׳ן: „פאַרוואָס זאָל אָט דער אויסוואורף זידלען דעם קעניג? לאָז מיך, וועל איך גיין און וועל אים דעם קאָפּ אַראָפּנעמען.‟

האָט ד ו ד געענטפערט: „אויב מײַן אייגענער זון וויל מיך טייטן, מעג דאָך אָט דער ק ר ו ב ש א ו ל׳ס מיך זידלען.‟ — און ער איז אַוועק מיט זײַנע מענשן ווײַטער.

ער איז געקומען צום י ר ד ן און האָט זיך דאָרט געלייגט אָפּ־רוען.

און אַ ב ש ל ו ם און דאָס פאָלק י ש ר א ל זײַנען געקומען אין י ר ו ש ל י ם, און אַ ח י ת ו פ ל איז אויך געווען מיט אים. איז צו אַ ב ש ל ו מ׳ען געקומען ח ו ש י, האָט אים באַגריסט און

געזאָגט: „לעבן זאָל דער קעניג!" האָט אים אַבשלום געזאָגט: „אַזוי באַצאָלסטו דאָס דײַן פרײַנד דוד'ן? פאַרוואָס ביסטו מיט אים ניט געגאַנגען?"

האָט חושי געענטפערט: „איך וויל זײַן מיט דעם, מיט וועמען דאָס פאָלק איז. און ווידער: מיט וועמען בין איך דען — ניט מיט דוד'ס זון?" — איז דאָס אַבשלום'ען געפעלן געוואָרן, און ער האָט איבערגעלאָזט חושי'ן בײַ זיך.

## 53. דער סוף פון אַבשלום'ס אויפשטאַנד.

און אחיתופל האָט געזאָגט אַבשלום'ען: „לאָז מיך אויפקלײַבן צוועלף טויזנט מאַן. איך וועל גלײַך בײַנאַכט נאָכיאָגן דוד'ן און וועל אים דעריאָגן. און ער איז מיד און אָפּגעשוואַכט. וועט זיך דאָס פאָלק, וואָס מיט אים, דערשרעקן און אַנטלויפן. וועל איך דער'הר'ג'ענען דעם קעניג אַליין, און דאָס גאַנצע פאָלק ווי איין מענש וועט צושטיין צו דיר, און ס'וועט צוריק ווערן פרידן."

איז די עצה (איינצע) געפעלן געוואָרן אַבשלום'ען און די עלטסטע פון ישראל. נאָר אַבשלום האָט געזאָגט: „לאָמיר נאָך רופן חושי'ן און הערן, וואָס ער וועט אונז זאָגן." — האָט ער גערופן חושי'ן און אים דערציילט, וואָס אחיתופל האָט געזאָגט.

האָט חושי געזאָגט: „דאָס מאָל איז אחיתופל'ס עצה ניט קיין גוטע. דו קענסט דאָך דײַן פאָטער און די מענשן, וואָס מיט אים. דאָס זײַנען דאָך לויטער העלדן און ביטערע יונגען. מעגסט זײַן זיכער, אַז דײַן פאָטער נעכטיקט ניט אין אָפענעם פעלד. ער באַהאַלט זיך ערגעץ אין די גריבער, און ער וועט אָנפאַלן אויף די, וואָס וועלן קומען אַנטקעגן אים און וועט זיי צעשלאָגן. מײַן עצה דעריבער וואָלט געווען: דו זאָלסט צונויפקלײַבן די בני־ישראל פון דעם גאַנצן לאַנד, ווי זאַמד, וואָס אויפ'ן ברעג פון ים. און דו אַליין זאָלסט אויך מיטגיין אין מלחמה. און דאַמאָלסט וועלן מיר

גיין, געפינען אים און אַרויפפאַלן אויף אים, ווי דער טוי אויף דער ערד. און מיר וועלן ניט איבערלאָזן קיין איינעם פון זיינע מענשן. און אויב ער וועט זיך פאַרשפאַרן אין אַ שטאָט, וועט דאָס פאָלק מיט שטריק די שטאָט אין טייך אַריינציען, עס זאָל פון איר קיין שפּענדל ניט פאַרבלייבן."

איז אַ ב ש ל ו מ'ען מער געפעלן ח ו ש י'ס ע צ ה, ווי אַ ח י ת ו פ ל'ס. און ער האָט געהייסן צונויפקלייבן דאָס פאָלק.

ווען אַ ח י ת ו פ ל האָט דערזען, אַז מען האָט אים ניט גע־פאָלגט, האָט ער זיך געזעצט אויף זיין אייזל, איז אַוועק צו זיך אַהיים און זיך דאָרט אַליין דאָס לעבן גענומען. און ח ו ש י האָט דורך צ ד ו ק'ס זון איבערגעגעבן ד ו ד'ן, וואָס אַ ב ש ל ו ם האָט באַ־שלאָסן. איז ד ו ד אַריבער דעם י ר ד ן, און ער האָט איבער־געציילט די אַלע מענשן, וואָס זיינען געווען מיט אים, זיי איינגעטיילט אין הונדערטער און טויזנטער, און באַשטימט איבער זיי עלטסטע. און איבער זיי אַלעמען האָט ער באַשטימט י ו אָ ב'ן מיט זיין ברודער אַ ב י ש י (אַווישאַי) און איינעם א ת י (איטאַי) פון ג ת (גאַס). און אַ ב ש ל ו ם האָט צונויפגעקליבן דאָס פאָלק י ש ר א ל, האָט באַשטימט ע מ ש א'ן (אַמאַסאַ'ן), י ו אָ ב'ס אַ שוועסטער־קינד, פאַר זיין קריגס־פירער, און זיי זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן ד ו ד'ן.

און ד ו ד האָט אָנגעזאָגט י ו אָ ב'ן און די אַנדערע קריגס־פירער פאַר אַלעמען אין די אויגן, זיי זאָלן זיין אָפּגעהיט מיט אַ ב ש ל ו מ'ען. און ד ו ד איז געשטאַנען אין טויער פון שטאָט און האָט דורכגעלאָזן זיין גאַנצע אַרמיי. און דער ח י ל (כאַאיל) פון ד ו ד'ן איז אַוועק און האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט דעם ח י ל פון אַ ב ש ל ו מ'ען אין אַ וואַלד. אַ ב ש ל ו מ'ס מענשן זיינען צעשלאָגן געוואָרן און זיינען אַנטלאָפן. און ד ו ד'ס דינער האָבן זיי נאָכגע־יאָגט. און אַ ב ש ל ו ם האָט געריטן אויף זיין מויל־אייזל, און ער האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט זיינע לאַנגע האָר אין אַ בוים. איז דער מויל־אייזל פון אונטער אים אַוועק און ער איז געבליבן הענגען צווישן הימל און ערד. האָט דאָס איינער אַ מאַן דערזען און דערציילט



אַ ב ש ל ו ם בלייבט הענגען פאַר זיינע האָר.

י ו אָ ב׳ן. האָט אים י ו אָ ב געפרעגט: „אַז דו האָסט אים דערזען, פאַרוואָס האָסטו אים ניט געטייט? איך וואָלט דאָך דערפאַר דיר געגעבן צען טאַלער און אַ גאַרטל.“

האָט דער מאַן געזאָגט: „ווען דו וואָלסט מיר אַ פ י ל ו געגעבן טויזנט טאַלער, וואָלט איך דאָס ניט געטאָן, ווייל איך האָב אַליין געהערט, ווי דער קעניג האָט געזאָגט, מען זאָל זיין פאָרזיכטיק מיט אַ ב ש ל ו מ׳ען.“

האָט י ו אָ ב אַליין גענומען דריי ריטער און אַריינגעשטאָכן זיי אַ ב ש ל ו מ׳ען אין ברוסט. און י ו אָ ב׳ס געווער־טרעגער האָבן אַראָפּגענומען אַ ב ש ל ו מ׳ען און האָבן אים געטייט.

און י ו אָ ב האָט געהייסן בלאָזן אין ש ו פ ר (שויפער), כ ד י אָפּצושטעלן די מ ל ח מ ה, ווייל ער האָט געזשאַלעוועט דאָס פאָלק. און אַ ב ש ל ו מ׳ען האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אין וואַלד אין אַ גרוב און אַרויפגעשאָטן אויף איר אַ גרויסע קופּע שטיינער. און אַ ח י מ ע ץ

(אַכימאַאַץ), צ ד ו ק'ס זון, האָט געזאָגט: „איך וועל לויפֿן און אָנ־זאָגן ד ו ד'ן, אַז ער איז באַפֿרייַט פֿון זייַנע פֿייַנט.“

האָט י ו אָ ב געזאָגט: „עס איז ניט פֿאַר דיר דאָס מאָל צו ברענגען אַזאַ ב ש ו ר ה (בסורע), ווייַל דעם קעניגס זון איז דער־ה ר ג'עט געוואָרן. איך וועל שיקן אַן אַנדערן.“ האָט י ו אָ ב גע־שיקט אַ לויפֿער צו ד ו ד'ן, און אַ ח י מ ע ץ האָט זיך ניט געקענט אייַנהאַלטן און איז אויך נאָכגעלאָפֿן נאָך אים. און ער האָט אַריבער־געיאָגט דעם לויפֿער, און ער איז געקומען צו ד ו ד'ן און האָט אים געזאָגט: „איך גרים דיך, קעניג! די מענשן, וואָס האָבן אויפֿגעהויבן אַ האַנט קעגן דיר, זייַנען איבערגעגעבן אין דייַנע הענט.“



דער לויפֿער זאָגט אַז ד ו ד'ן, אַז אַ ב ש ל ו ם איז טויט.

האָט דוד געפרעגט: „וואָס הערט זיך מיט אבשלומ'ען?“ האָט אחימעץ געענטפערט, אַז ער ווייס ניט. דערווייל איז אָנגעקומען דער צווייטער לויפער און האָט איבערגעגעבן די זעלבע נייעס. האָט אים דוד געפרעגט: „און וואָס מאַכט אבשלום?“ האָט דער לויפער געענטפערט: „זאָלן דאָס מאַכן דעם קעניגס פיינט און אַלע די, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען אַנטקעגן אים.“

איז דער קעניג בייז געוואָרן, איז אַוועק צו זיך אין צימער, האָט געוויינט און באַקלאָגט אבשלום, זיין זון. און דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון מלחמה, האָט זיך דערוואוסט וועגן דוד'ס טרויער, און זיי האָבן זיך ווי פאַרשעמטע שטילערהייט אַריינגע'גנב'עט אין שטאָט, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַנטלאָפן פון מלחמה.

איז יואָב געקומען צום קעניג און האָט אים געזאָגט: „דו האָסט היינט באַליידיקט אַלע דיינע דינער, וואָס האָבן זיך איינגע-שטעלט פאַר דיר, צו ראַטעווען דיך און דיינע קינדער. דו האָסט ליב דיינע פיינט און האָסט פיינט דיינע פריינד. ווייל עס קומט אויס, ווי דו וואָלסט געזאָגט, אַז דיך אַרן ניט דיינע האַרן און דיינע דינער. עס דוכט זיך, אַז ווען אבשלום וואָלט געבליבן לעבן און מיר אַלע וואָלטן געווען טויט, וואָלט עס דיר זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן. איצט קום אַרויס און רעד צום פאָלק, ווייל איך שווער דיר, אַז ווען דו גייסט ניט אַרויס, אויב מיט דיר וועט איבערבלייבן היינט ביינאַכט אפילו איין מענש. און דאָס וועט זיין דאָס ערגסטע, וואָס וואָלט מיט דיר נאָר געקענט טרעפן.“

איז דוד אויפגעשטאַנען און געזעצט זיך אין טויער פון שטאָט. האָט זיך דאָס פאָלק, וואָס מיט דוד'ן, דערוואוסט און זיינען געקו-מען באַגריסן דעם קעניג. און דאָס פאָלק, וואָס איז געווען מיט אבשלומ'ען, איז זיך צעלאָפן אין זייערע היימען.

## 54. דוד ווערט צוריק קעניג איבער ישראל.

און דוד האָט געשיקט צו צדוק דעם כוהן אין ירושלים און געזאָגט: „רעד זיך דורך מיט די עלטסטע פון יהודה. פאַרוואָס זאָלן זיי זײַן די לעצטע צו קומען און אומקערן דעם קעניג. זיי זײַנען דאָך מײַנע אייגענע. און עמשא׳ן (אַמאַסאַן) זאָג, אַז ער איז דאָך מײַנער אַ קרוב, און אַז איך וועל אים מאַכן פאַר מײַן קריגס-עלטסטן אָנשטאָט יואָב׳ן.“

האָט צדוק באַקערט די הערצער פון גאַנץ יהודה צו דוד׳ן, און זיי האָבן געשיקט בעטן דוד׳ן, ער זאָל זיך אומקערן. ווען דוד איז געוועזן אויפ׳ן וועג, איז אַרויס אַנטקעגן אים דער מאַן שמעי, וואָס האָט אים געזידלט און געוואָרפן אויף אים שטיינער, ווען ער איז אַנטלאָפן פון אַבשלומ׳ען. און ער האָט געזאָגט: „פאַרגיב מיר, קעניג! דערמאָן נישט, וואָס איך האָב גע־זינדיקט קעגן דיר אין דעם טאָג, ווען דו ביסט אַוועק פון ירושלים. און איצט, זעסטו, בין איך דער ערשטער פונ׳ם גאַנצן שבט יוסף (יוסעף) געקומען דיר אַנטקעגן.“

האָט אבישי געזאָגט: „צי צוליב דעם, זאָל מען שמעי׳ן ניט טייטן? ער האָט דאָך געזידלט דעם געזאַלבטן קעניג.“ — האָט דוד געענטפערט: „לאָז מיך צורו, אבישי! היינט, אין דעם טאָג, וואָס איך ווער צוריק קעניג אין ישראל, זאָל אַ מאַן פון ישראל געטויט ווערן?“ און ער האָט געשוואוירן שמעי׳ן און געזאָגט: „מען וועט דיך נישט טייטן.“

און דוד איז געגאַנגען ווייטער קיין ירושלים. אויפ׳ן וועג זײַנען צו אים געקומען די עלטסטע פון ישראל, און זיי האָבן אים געזאָגט: „פאַרוואָס האָבן דיך אונזערע ברידער פון יהודה צוגעכאַפּט, ניט געוואַרט אויף אונז, און האָבן דיך און דײַן הויז-געזינד אַריבערגעפירט דעם ירדן?“

האָבן די עלטסטע פון יהודה געענטפערט: „דער קעניג איז דאָך אונזערער אַן אייגענער. וואָס פאַרדריסט אײַך אַזוי? האָט אונז

דען דער קעניג געגעבן עסן, צי ער האָט אונז מ ת נ ו ת (מאַטאָנעס) געגעבן?"

האָבן די עלטסטע פון י ש ר א ל געזאָגט: „אָבער מיר האָבן דאָך צען טײלן אינ'ם קעניג און איר בלויז אײנעם. פאַרוואָס האָט איר אונז באַלײדיקט און נישט געלאָזט אונז די ערשטע קומען אומ-קערן דעם קעניג?"

און עס האָט זיך דאָרט געפונען אײנער אַ מאַן מיט'ן נאָמען ש ב ע (שעוואַ), דער זון פון ביכרי. האָט ער געבלאָזן אין ש ו פ ר און האָט געזאָגט צו די עלטסטע פון י ש ר א ל: „מיר דאַרפן גאָרניט ד ו ד'ן, און מיר האָבן ניט קײן ח ל ק אין י ש י'ס זון. לאָמיר אַלע פון י ש ר א ל זיך אומקערן אַהײם." זײנען אַלע עלטסטע פון י ש ר א ל אַװעק מיט ש ב ע'ן. און די עלטסטע פון י ה ו ד ה זײנען געבליבן מיט ד ו ד'ן און זײנען מיט אים מיטגעגאַנגען קײן י ר ו ש ל י ם.

## 55. ש ב ע'ס אויפשטאַנד.

און ד ו ד האָט געזאָגט ע מ ש א'ן (אַמאַסאַן): „גײ און רוף צונויף אין דרײ טעג אַלע מענער פון י ה ו ד ה". איז ע מ ש אָ געגאַנגען, אָבער ער האָט פאַרשפּעטיקט. האָט ד ו ד געזאָגט אַ ב י ש י'ן: „איצט װעט אונז ש ב ע מער שלעכטס טאָן װי אַ ב ש ל ו ם. נעם דעריבער מײנע דינער און מײן לײב-װאַך, און יאָג אים נאָך. װײל טאָמער װעט ער טרעפן באַפעסטיקטע שטעט, װעט ער זיך פון אונז קענען ראַטעװען."

האָט אַ ב י ש י גענומען ד ו ד'ס װאַך און אַלע אַנדערע העלדן און עס זײנען מיט אים אויך מיטגעגאַנגען י ו אָ ב'ס מענשן. אויפ'ן װעג האָבן זײ באַגעגענט ע מ ש אָ'ן. האָט י ו אָ ב באַגריסט ע מ ש אָ'ן, און ער האָט אים אַרומגענומען אויף צעקושן זיך מיט אים. און ע מ ש אָ האָט זיך פאַר אים ניט געהיט. האָט י ו אָ ב אַרויס-געצויגן זײן שװערד און האָט מיט אײן קלאַפּ דער'הר ג'עט ע מ ש א'ן.

און יואב און אבישי האָבן זיך נאָכגעיאָגט נאָך שבע׳ן. און עמשאָ איז געבליבן ליגן אויפ׳ן וועג אין אַ טײַך בלוט. און ווער פון פאָלק עס פלעגט פאַרבײַגיין און דערזען עמשאָ׳ן טויט, פלעגט זיך אָפּשטעלן. האָט איינער פון יואב׳ס מענשן אַוועקגע־שלעפּט עמשאָ׳ן אָן אַ זײַט אין פעלד און האָט אים צוגעדעקט מיט אַ מאַנטל. און אַליין האָט ער זיך געשטעלט אויפ׳ן וועג און אויסגע־רופן: „ווער עס איז מיט דוד׳ן, זאָל גיין נאָך יואב׳ן.“ זײַנען אַלע געגאַנגען נאָך יואב׳ן.

און שבע האָט זיך פאַרשפּאַרט אין אַ שטאָט. איז יואב צוגעקומען און האָט די שטאָט באַלאַגערט. איז אַרויס אויפ׳ן וואַנט פון שטאָט אַ קלוגע פרוי און האָט געזאָגט יואב׳ן: „פאַרוואָס ווילט איר אונז אויסטיליקן — אַ גאַנצע גרויסע שטאָט פון ישראל?“

האָט יואב געזאָגט: „חלילה, ווער וויל דאָס? מיר ווילן בלויז שבע׳ן, וואָס האָט אויפגעהויבן זײַן האַנט קעגן דוד׳ן. גיט אים אַרויס, וועלן מיר אַוועק פון שטאָט“.

איז די פרוי געקומען צו די אײַנוואוינער פון שטאָט און האָט זיי איבערגערעדט מיט איר קלוגשאַפט, און זיי האָבן אַרויסגעגעבן שבע׳ן צו יואב׳ן. האָט יואב זיך צוריקגעקערט קיין ירושלים, און דאָס פאָלק איז אַוועק יעדערער צו זיך אַהיים.

## 56. דוד׳ס האַרפע.

אַ האַרפע איז געהאַנגען איבער דוד׳ס בעט. אַלע האַלבע נאַכט פלעגט קומען אַ צפון (צאָפן)־ווינטל און שטיל אַרײַנבלאָזן אין דער האַרפע. פלעגן די סטרונעס פון דער האַרפע אָנהייבן ציטערן. די האַרפע פלעגט אָנהייבן שפּילן. דעמאָלט פלעגט דוד זיך אויפ־כאַפּן און אָנהייבן פאַרפאַסן און זינגען לידער.

*

ווען די וועלט איז אין חלום פאַרזונקען,
ווען ס׳שפּאַלט איבער העלפט זיך די נאַכט,

שטייט אויף פון געלעגער דער קעניג,
זיין הייליקע הארפע דערוואכט.



קעניג ד ו ד שפּילט אויף זיין הארפע.

מען זעט נישט קיין פינגער, וואס שפּילן;
עס גיסט זיך מעלאדיש א קלאנג
און וועקט אין דער ברוסט פון דעם מ ל ך
די סטרונעס פון זיסן געזאנג.

דורכ'ן פענסטער פון פּאלאץ באקוקט ער
די שטילע באשטערנטע וועלט;

פאַרגעסט אָן זײַן טראָן און זײַן סצעפּטער,
מיט נײַע געפילן באַזעלט.

עס מאָלט זיך אים אויס פאַר די אויגן
אַ גרינע און רואיקע פעלד,
און ער איז אַ פּאַסטוך פון שעפּסן,
זײַן אײַנציקער פּאַלאַץ אַ צעלט.

דאַן זינגט ער צום טאַקט פון דער האַרפע
און דיכטעט אַ מ ז מ ו ר (מיזמער)-געבעט;
דער גרײַז-גרויער קעניג פון י ה ו ד ה
איז ווידער אַ יונגער פּאָעט.

יהואש.

## 57. ש ל מ ה ווערט קעניג. ד ו ד׳ס טויט.

און דער קעניג ד ו ד איז אַלט געוואָרן. און אַ ד ו נ י ה ו (אַדוניאָהו), זײַן עלטסטער זון, האָט זיך געגרײַזט און געזאָגט: „איך וועל ווערן קעניג.“ און ער האָט זיך געמאַכט אַ רײַטוואָגן און געדונגען רײַטער; און 50 מענשן זײַנען געלאָפן פאַר אים. און דער פאָטער זײַנער האָט אים קיינמאָל ניט פירגעהאַלטן, פאַרוואָס ער טוט אַזוי.

און אַ ד ו נ י ה ו האָט זיך צונויפגערעדט מיט י ו אָ ב׳ן און מיט א ב י ת ר (עוויאָסאַר) דעם כ ו ה ן, און זיי האָבן אים געהאָלפן. און צ ד ו ק דער כ ו ה ן און נ ת ן דער נ ב י א און ד ו ד׳ס העלדן זײַנען ניט געווען מיט אים. און אַ ד ו נ י ה ו האָט געמאַכט אַ מאָלצײַט, אויף וועלכן ער האָט אײַנגעלאַדן זײַנע ברידער און ד ו ד׳ס באַאַמטע, וואָס אין י ה ו ד ה. נאָר נ ת ן דעם נ ב י א און ד ו ד׳ס העלדן און זײַן ברודער ש ל ו מ ה האָט ער ניט גערופן.

האָט נ ת ן געזאָגט צו ב ת - ש ב ע׳ן, ש ל מ ה׳ס מוטער:

„דו האָסט שוין געהערט, אַז אַ ד ו נ י ה ו איז געוואָרן קעניג, און ד ו ד ווייס ניט דערפון. איצט וועל איך דיר אַן ע צ ה געבן, ווי דו זאָלסט ראַטעווען זיך און דיין זון ש ל מ ה'ן. גיי צום קעניג און דערמאָן אים, אַז ער האָט דיר געשוואָרן, אַז ש ל מ ה דיין זון וועט זיין קעניג נאָך אים. און ווען דו וועסט דאָרט זיין, וועל איך אונטער־קומען און וועל דיר אַרויסהעלפן.

איז ב ת ־ ש ב ע אַוועק צו ד ו ד'ן, פאַרנייגט זיך פאַר אים און געזאָגט: „מיין האַר, דו האָסט מיר צוגעשוואָרן, אַז דיין זון ש ל מ ה וועט זיין קעניג נאָך דיר. און איצט איז אַ ד ו נ י ה ו געוואָרן קעניג אָן דיין וויסן. און ער האָט געמאַכט אַ מאָלצייט און גערופן דעם קעניגס זין און א ב י ת ר'ן און י ו אָ ב'ן; און דיין זון ש ל מ ה'ן האָט ער ניט גערופן. און איצט, קעניג, קוקט דאָס גאַנצע פאָלק י ש ר א ל אויף דיר און וואַרט, דו זאָלסט זיי זאָגן, ווער ס'וועט זיצן אויף דיין טראָן נאָך דיר. און אויב עס וועט זיין אַזוי, ווי איצט, איז ווי נאָר דער קעניג וועט שטאַרבן, וועט אויך זיין אַ ס ו ף צו מיר און צו דיין זון ש ל מ ה'ן.

ווען ב ת ־ ש ב ע האָט געענדיקט, האָט מען געלאָזט וויסן ד ו ד'ן, אַז נ ת ן דער נ ב י א איז געקומען. האָט ד ו ד אים געהייסן אַריינקומען. האָט נ ת ן געזאָגט ד ו ד'ן: „איז דאָס א מ ת, אַז דו האָסט באַשטימט אַ ד ו נ י ה ו'ן, ער זאָל ווערן קעניג נאָך דיר? אויב יאָ, פאַרוואָס האָסטו דאָס מיר ניט געלאָזט וויסן?" האָט ד ו ד צוגערופן ב ת ־ ש ב ע'ן, און ער האָט געשוואָרן און געזאָגט: „אַזוי ווי איך האָב דיר געשוואָרן פריער, אַז דיין זון ש ל מ ה וועט זיין קעניג נאָך מיר, אַזוי וועל איך דאָס היינט טאָן."

און ד ו ד האָט געהייסן, מ'זאָל צו אים רופן צ ד ו ק דעם כ ו ה ן און ב נ י ה ו'ן, דעם פירער פון זיינע העלדן, און נ ת ן דעם נ ב י א. און ער האָט זיי געזאָגט: „נעמט אַלע מיינע האַרן מיט זיך און גייט נעמט ש ל מ ה'ן און זעצט אים אַרויף רייטנדיק אויף מיין מויל־אייזל און פירט אים אַוועק צום טייכל גיכוין, און זאָלן אים דאָרט צ ד ו ק דער כ ו ה ן און נ ת ן דער נ ב י א זאַלבן פאַר קעניג

איבער י ש ר א ל. און איר זאָלט אַ בלאָז טאָן אין ש ו פ ר און אויסרופן: „זאָל לעבן דער קעניג ש ל מ ה!" האָבן זײ אַזוי געטאָן. און דאָס פאָלק, וואָס איז זײ נאָכגעגאַנגען, האָט געטאַנצט און געפײַפט און געטרומײטערט, און די ערד האָט זיך געטרײסלט פון זײערע ק ו ל ו ת.



צ ד ו ק זאַלבט ש ל מ ה'ן פאַר קעניג.

און אַ ד ו נ י ה ו און י ו אָ ב און די געסט וואָס מיט זײ האָבן דערהערט די געשרײען, האָבן זײ זיך פאַרוואונדערט. און ווי זײ שטײען און וואונדערן זיך, איז אָנגעקומען א ב י ת ר'ס זון און האָט זײ דערצײלט, אַז ד ו ד האָט געהײסן זאַלבן אַלס קעניג איבער

ישראל זיין זון שלמה׳ן; אז מיט שלמה׳ן איז צדוק דער כוהן און נתן דער נביא און בניהו און דעם קעניגס לייב-גוואַרדיע; אַז די גאַנצע שטאָט איז פול מיט געשרייען פון פרייד; אַז שלמה האָט זיך שוין געזעצט אויף דעם טראָן פון זיין פאָטער; און דוד׳ס האַרן זיינען געקומען אים באַגריסן און געוואונשן, שלמה׳ס נאָמען זאָל נאָך זיין גרעסער פון דוד׳ס און שלמה׳ס טראָן זאָל זיין העכער פון דעם טראָן פון זיין פאָטער; און דוד האָט געזאָגט, אַז ער איז צופרידן, וואָס זיינע אויגן זעען דעם, וואָס פאָלגט אים נאָך אויף זיין טראָן.

האָבן אַלע געסט אדוניה׳ס אויפגעהויבן זיך און זיינען זיך צעגאַנגען יעדערער צו זיך אַהיים. און אדוניהו האָט זיך דערשראָקן פאַר שלמה׳ן, איז ער אַוועק און האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן די ווינקלען פון הייליקן מזבח. האָט מען דערציילט שלמה׳ן, אַז אדוניהו האָט מורא פאַר אים און באַהאַלט זיך אויס ביים מזבח. האָט אים שלמה געשיקט זאָגן, אַז אויב ער וועט זיך האַלטן גוט, וועט אים קיין שלעכטס ניט געשען; אויב אָבער ער וועט זיך ניט האַלטן גוט, וועט ער אַליין זיין שולדיק אין זיין טויט. איז אדוניהו אַוועק צו זיך אַהיים.

און דוד איז געשטאָרבן, און מ׳האָט אים באַערדיקט אין ירושלים. און דוד האָט געהאַט געקיניגט איבער ישראל 40 יאָר.

## 58. שלמה באַפרייט זיך פון זיינע פיינט.

און שלמה האָט זיך געזעצט אויף דעם טראָן פון דוד, זיין פאָטער, און זיך פאַרפעסטיקט אויף אים. און ער האָט גערופן דעם כוהן אביתר און אים געזאָגט: „גיי אַוועק פון ירושלים. דאַרפן וואָלט מען דיך געדאַרפט טייטן, ווייל דו ביסט אַ פאַררעטער. אָבער איך וועל דאָס ניט טאָן, ווייל דו ביסט געווען מיט מיין פאָטער

ד ו ד און געפלאָגט זיך צוזאַמען מיט אים. אָבער קיין כ ו ה ן וועסטו מער ניט זיין."

און אַ ד ו נ י ה ו'ן האָט ש ל מ ה באַלד געהייסן טייטן, ווייל אַ ד ו נ י ה ו האָט געוואַגט צו בעטן ביי ש ל מ ה'ן איינע פון ד ו ד'ס דינסטן זיך פאַר אַ ווייב. און י ו אָ ב, וואָס האָט זיך גע־פילט שולדיק פאַר ש ל מ ה'ן, איז אַוועקגעלאָפן און זיך אָנגעהאַלטן אָן די ווינקלען פון מ ז ב ח. האָט ש ל מ ה געשיקט ב נ י ה ו'ן און געהייסן אַראָפּנעמען י ו אָ ב'ן פון מ ז ב ח און דער'ה ר ג'ענען אים און דערמיט אַראָפּנעמען פון ד ו ד'ס הויז דאָס אומזיסטע בלוט, וואָס י ו אָ ב האָט פאַרגאָסן, דער'ה ר ג'ענענדיק אַ ב נ ר'ן, דעם קריגס־האַר פון י ש ר א ל, און ע מ ש אָ'ן, דעם קריגס־האַר פון י ה ו ד ה.

און ש מ ע י'ן, וואָס האָט געזידלט און געשאָלטן ד ו ד'ן, ווען יענער איז אַנטלאָפן פון אַ ב ש ל ו מ'ען, האָט ש ל מ ה גערופן צו זיך און אים געזאָגט: „בוי זיך דיר אוים אַ הויז אין י ר ו ש ל י ם און בלייב דאָ וואוינען; דו זאָלסט פון י ר ו ש ל י ם ערגעץ ניט אַרוים." האָט ש מ ע י געזאָגט: „גוט, קעניג! איך וועל טאָן אַזוי, ווי דו האָסט געזאָגט." האָט ש מ ע י אָפּגעוואוינט אין י ר ו ש ל י ם עטלאַכע יאָר. און אין דריי יאָר אַרום זיינען ביי אים אַנטלאָפן צוויי קנעכט און אַוועק אין דער שטאָט ג ת (גאָס). האָט ש מ ע י אָנגעזאָטלט זיין אייזל און איז אַוועק אין ג ת זוכן זיינע קנעכט. ווען ש מ ע י איז געקומען צוריק, האָט אים ש ל מ ה געשיקט רופן און געזאָגט: „איך האָב דאָך דיך באַשוואָרן דו זאָלסט די גאַנצע צייט זיין דאָ אין שטאָט, און דיר געזאָגט, אַז ווען דו וועסט אַרוים פון שטאָט, וועסטו אַליין שולדיק זיין אין דיין טויט. פאַרוואָס האָסטו ניט געפאָלגט, וואָס דו האָסט מיר צוגעשוואָרן?" און ש ל מ ה האָט געהייסן ב נ י ה ו'ן ער זאָל דערפאַר ש מ ע י'ן טייטן.

אַזוי האָט זיך ש ל מ ה ביסלאַכווייז באַפרייט פון זיינע פיינט און פון די פיינט פון זיין פאָטער, און זיין קעניגרייך איז פאַרפעס־טיקט געוואָרן פאַר אים.

## 59. ש ל מ ה׳ס קלוגשאַפט.

און ש ל מ ה איז געגאַנגען אין די וועגן פון ד ו ד זיין פאָטער און האָט אָפּגעהיט די געזעצן, וואָס ד ו ד האָט געשאַפן.

און איינמאָל האָט ש ל מ ה געזען אין ח ל ו ם, ווי איינער פרעגט אים: „בעט ביי מיר, וואָס זאָל איך דיר געבן.“ האָט ש ל מ ה געענטפערט: „איך בין געוואָרן קעניג נאָך ד ו ד מיין פאָטער, און איך בין נאָך יונג און ווייס ניט וואו אַיין און וואו אויס, און דאָס פאָלק איז גרויס אין צאָל. בעט איך, איך זאָל האָבן אַ האַרץ צו פאַרשטיין און אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס, איך זאָל קענען מ ש פ ט׳ן דאָס פאָלק.“

האָט ש ל מ ה געהערט אין ח ל ו ם, ווי מען וואָלט אים געענטפערט: „ווייל דו האָסט זיך ניט געבעטן קיין לאַנגע יאָר און קיין רייכקייט און אַ פּ י ל ו ניט דאָס לעבן פון דיינע פיינט, נאָר פאַרשטאַנד — צו קענען מ ש פ ט׳ן דאָס פאָלק, וועסטו האָבן דאָס, וואָס דו האָסט געבעטן. דו וועסט זיין קלוג און פאַרשטענדיק, אַזוי ווי נאָך קיינער פאַר דיר, און עס וועט אויך נאָך דיר ניט זיין קיינער אַזוי קלוג ווי דו. און אויך דאָס, וואָס דו האָסט ניט געבעטן, וועסטו האָבן: דאָס איז רייכקייט און כ ב ו ד און לאַנגע יאָר.“

האָט זיך ש ל מ ה אויפגעכאַפּט, ערשט עס איז אַ ח ל ו ם.

און באַלד נאָכדעם זיינען צו ש ל מ ה׳ן געקומען צוויי פרויען מ ש פ ט׳ן זיך. איינע פון זיי האָט געזאָגט: „איך און אָט די צווייטע פרוי וואוינען אין איין הויז. האָב איך געבאָרן אַ קינד, און דריי טעג נאָכדעם האָט אויך די צווייטע פרוי געבאָרן אַ קינד. און אויסער אונז איז אין הויז קיינער ניט געווען. ביינאַכט איז דער זון פון אָט דער פרוי געשטאָרבן, ווייל זי האָט אים צוגעדריקט. איז זי אויפגעשטאַנען, האָט צוגענומען ביי מיר מיין זון און אַריבערגעלייגט צו מיר איר טויט קינד; און איך בין געשלאָפן. אין דער פרי בין איך אויפגעשטאַנען און געוואָלט אָנזייגן מיין קינד. ערשט עס איז טויט. האָב איך זיך צו אים צוגעקוקט און דערקענט, אַז דאָס איז ניט מיין קינד.“

האָט די צווייטע פרוי געזאָגט: „מיין קינד איז דאָס לעבעדיקע און דיינס איז דאָס טויטע." און די ערשטע איז באַשטאַנען אויף אירס און געזאָגט: „ניין! דיין קינד איז דאָס טויטע און מיין קינד איז דאָס לעבעדיקע." — האָבן זיי זיך געאַמפּערט פאַר'ן קעניג.

האָט דער קעניג געזאָגט: „יעדע איינע פון זיי זאָגט, אַז אירס איז דאָס לעבעדיקע קינד, און אַז דאָס טויטע קינד געהערט דער אַנדערער. אויב אַזוי, ברענגט אַ שווערד!" — האָט מען געבראַכט אַ שווערד. האָט דער קעניג געהייסן: „צעשניידט דאָס לעבעדיקע קינד אויף דער העלפט און גיט איין העלפט איין פרוי און אַ צווייטע העלפט דער צווייטער."



שלמה'ס קלוגער משפט.

אָבער די פרוי, וואָס איר קינד איז געווען דאָס לעבעדיקע, האָט ר ח מ נ ו ת געקראָגן אויף דעם קינד און האָט געזאָגט: „איך בעט דיך, מיין האַר, גיט איר אַוועק דאָס לעבעדיקע קינד נאָר ניט טייט עס.“ און די צווייטע פרוי האָט געזאָגט: „ניט מיר, ניט דיר, צע־שניידט!“ — האָט דער קעניג געזאָגט: „טייט ניט דאָס קינד. גיט עס אָפּ צו אָט דער פרוי, וואָס האָט אויף אים ר ח מ נ ו ת געהאַט. זי איז זיין מוטער.“

און דאָס פאָלק האָט געהערט וועגן אָט דעם מ ש פ ט ש ל מ ה׳ס, און זיי האָבן פאַר אים אָפּשיי באַקומען, ווייל זיי האָבן געזען, אַז ער איז פול מיט קלוגשאַפט.

## 60. ש ל מ ה בויט דעם טעמפּל.

און ש ל מ ה האָט זיך אויסגעקליבן זיינע הויכע באַאַמטע, און ער האָט צעטיילט דאָס גאַנצע לאַנד אויף צוועלף פּראָווינצן און באַ־שטימט אַן אויפזעער אויף יעדער פּראָווינץ. און יעדע פּראָווינץ האָט געדאַרפט שפּייזן דעם קעניג און זיין הויז איין ח ו ד ש אין יאָר. און ש ל מ ה האָט געהאַט אַ ס ך פערד און רייטוועגן און גאָלד און זילבער. ער האָט ח ת ו נ ה געהאַט מיט דער טאָכטער פון פ ר ע ה, דעם קעניג פון מ צ ר י ם, און האָט זי געבראַכט אין זיין הויז, ביז ער וועט באַוויזן אויפבויען אַ הויז פאַר איר אַליין.

און ש ל מ ה איז געווען קליגער פון אַלע ח כ מ י ם פון מ צ ר י ם און פון די מ ז ר ח-לענדער און פון אַלע אַנדערע מענשן. און ער האָט זיך פאַרשטאַנען אויף ביימער — פון׳ם גרויסן צעדער־בוים און ביז דעם מאָך, וואָס וואַקסט פון וואַנט. און ער האָט זיך פאַר־שטאַנען אויף די ב ה מ ו ת און פויגלען און אינזעקטן און פיש. און פון אַלע פעלקער זיינען געקומען מענשן הערן ש ל מ ה׳ס חכמה. און אויך אַלע קעניגן, וואָס האָבן געהערט פון אים, זיינען געקומען. און דאָס פאָלק פון י ה ו ד ה און י ש ר א ל זיינען זיך געזעסן רואיק, יעדערער אונטער זיין ווייַנשטאָק און אונטער זיין פייַגנבוים, די צייַט, וואָס ש ל מ ה האָט געקיניגט איבער די אידן.

און ש ל מ ה האָט געשיקט זאָגן ח י ר ם (כיראָם), דער קעניג פון צ ו ר (צויר): „דו ווייסט דאָך, אַז מיין פאָטער ד ו ד האָט ניט געקענט בויען קיין הויז פאַר דעם הייליקן אָרון פון יאַהאַווע, דעם גאָט פון די ב נ י - י ש ר א ל, צוליב די שטענדיקע מ ל ח מ ו ת, וואָס ער האָט געפירט. איצט אָבער איז רואיק אַרום מיר און קיינער שטערט מיר ניט. וויל איך בויען אַ הויז אויף דעם נאָמען פון יאַהאַ-ווען. היינט דעריבער, מען זאָל אויסשניידן צעדערביימער פון ל ב נ ו ן (לעוואָנען) און שיק זיי צו צו מיר. מיינע מענשן וועלן אַרויסהעלפן דיינע, און דיינע מענשן וועל איך באַצאָלן אַזוי, ווי דו וועסט הייסן. ווייל דו ווייסט דאָך, אַז צווישן אונז איז ניטאָ קיינער, וואָס זאָל קענען אַזוי גוט האַקן ביימער ווי די איינוואוינער פון צ ו ר."

איז דאָס ח י ר ם 'ען שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט געענט-פערט ש ל מ ה 'ן: „איך בין גרייט צו טאָן, וואָס דו האָסט מיך גע-בעטן. מיינע מענשן וועלן אויסהאַקן ביימער פון ל ב נ ו ן און זיי אַראָפּלאָזן צום ים. דאָרטן וועל איך פון זיי מאַכן פליטן און אָפּשיקן זיי ביז דעם פּלאַץ, וואָס דו וועסט מיר אָנווייזן; און פון דאָרט וועסטו נעמען די קלעצער און זיי ברענגען קיין י ר ו ש ל י ם. דו וועסט מיר אָבער דערפאַר דאַרפן געבן ברויט גענוג פאַר מיין גאַנץ הויזגעזינד."

האָט ש ל מ ה צוגעשטימט. פלעגט ח י ר ם צושיקן צעדער-ביימער און בוקסנביימער, וויפיל ש ל מ ה האָט געוואָלט, און ש ל מ ה פלעגט דערפאַר אים אָפּשיקן ווייץ און בוימל וויפיל יענער האָט געדאַרפט. און ש ל מ ה האָט אַרויפגעלייגט אויף'ן פאָלק אַ צינז פון דרייסיק טויזנט מענשן; און ער פלעגט יעדן ח ו ד ש שיקן צען טויזנט פון זיי אויף'ן באַרג ל ב נ ו ן צו העלפן אויסהאַקן די ביימער. און אויסער דעם האָט נאָך ש ל מ ה געהאַט אַכציק טויזנט, וואָס האָבן געהאַקט שטיינער אין די בערג, און זיבעציק טויזנט, וואָס האָבן געטראָגן די בוי-מאַטעריאַלן פון פלאַץ צו פלאַץ. און בויער, וואָס ח י ר ם האָט צוגעשיקט, האָבן צוזאַמען מיט ש ל מ ה'ס בויער צוגעגרייט דעם בוי-מאַטעריאַל און גענומען בויען אַ טעמפּל פאַר יאַהאַווע, דעם גאָט פון י ש ר א ל.

## 61. שלמה און דער שאָמיר.

שלמה האָט זיבן יאָר נאָכאַנאַנד געבויט דעם טעמפּל אויפֿ'ן שענסטן באַרג פֿון ירושלים. ער האָט אויסגעמויערט די ווענט פֿון געזעגטע שטיינער, האָט זיי אינווייניק באַשלאָגן מיט געשניצטן צעדער־האָלץ און דערנאָך באַדעקט מיט גינגאָלד. און די גאַנצע צייט האָט ביים בויען קיין זעג ניט געזעגט, קיין האַק ניט געהאַקט און קיין האַמער ניט געקלאַפּט. מ'האָט ניט געהערט קיין געררויש פֿון אייזערנע געצייג, ווייל אייזן — אייזערנע געווער — פֿאַרקירצן דעם מענטשנס יאָרן.

ווי זשע האָט מען געזעגט די שטיינער אָן אייזערנע געצייג?

אַ טייערער בריליאַנט איז דאָ אויף דער וועלט, וואָס הייסט שאָמיר. ער איז האַרטער פֿון שטאָל, און מ'קאָן מיט אים צעשניידן די שטאַרקסטע שטיינער.

האָט שלמה אויסגעפֿונען, אַז דער שאָמיר געפֿינט זיך אין די הענט פֿון דעם אויערהאָן. און דער אויערהאָן פֿאַרטראָגט אים אויף אַ הויכן פֿעלז, וואו אַלץ אַרום איז וויסט און ווילד; ער לייגט אים אויפ'ן שפּיץ פֿעלז, שפּאַלט זיך דער פֿעלז אויף שטיקלאַך. ברענגט ער זאָמען פֿון געוויקסן און וואַרפֿט אַהין, ווערט דאָרט מיט דעם צייט אַ ישוב.

האָט שלמה געשיקט זיין קריגסעלטסטן בניהו'ן און אים באַפֿוילן, ער זאָל געפֿינען די נעסט פֿון אויערהאָן און ברענגען דעם שאָמיר. האָט בניהו מיטגענומען מיט זיך מענטשן און די נייטיקע כלים און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. נאָך אַ לאַנג זוכן האָט ער געפֿונען די נעסט פֿון דעם אויערהאָן. די נעסט איז געווען פֿול מיט יונגע פֿייגעלאַך, נאָר וואָס אויסגעפּיקט זיך פֿון די אייער. און דער אַלטער אויערהאָן אַליין איז אין נעסט דעמאָלט ניט געווען. ער איז אַוועקגעפֿלויגן זוכן שפּייז פֿאַר זיינע קליינע קינדערלאַך. נעמט בניהו און דעקט צו די נעסט מיט אַ דיקן טאָוול גלאָז. און אַליין האָט ער זיך באַהאַלטן אונטער אַ געדיכט באַבלעטערטן צווייג.

קומט דער אויערהאָן צופליען מיט אַ פולן שנאָבל שפּייז פאַר זיינע יונגע קינדער. זען זעט ער זײַ דורכ׳ן גלאָז, נאָר דערלאַנגען קען ער ניט. פּיקט ער דאָס גלאָז מיט דעם שנאָבל. העלפט עס אָבער ניט: דאָס גלאָז איז דיק און אײַזן־שטאַרק, ניט דורכצופּיקן. בלײַבט ער שטיין אַ ווײַלע אַ פאַרצווייפלטער און דערנאָך, פלוצים, טוט ער זיך אַ הייב אויף אין דער הייך און פאַרשווינדט.

אין אַ ווײַלע אַרום קומט ער צוריק צופליען, טראָגנדיק עפּעס אַזוינס אין שנאָבל. דאָס איז געווען דער שאָמיר. דער אויערהאָן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זײַן נעסט און אָנגעהויבן פירן מיט׳ן שאָמיר איבער׳ן גלאָז; און דאָס גלאָז האָט זיך צעשפּאָלטן. כאַפּט בניהו אַ גרויסן שטיין און וואַרפט דעם פויגל אין קאָפּ אַרײַן. דערשרעקט זיך דער פויגל און לאָזט פון שנאָבל אַרויס דעם שאָמיר. לויפן צו געשווינט בניהו מיט זײַנע לײַט, כאַפּן דעם שאָמיר און גייען פריילאַכע אַוועק מיט זייער טײַערן רויב צוריק אַהיים. און מיט דעם שאָמיר האָט מען געשפּאָלטן די שטיינער צו בויען דעם טעמפּל.



דער הייליקער טעמפּל.

## 62. שלמה'ס שטול.

שלמה האָט זיך געמאַכט אַ שטול פון העלפאַנטביין און האָט אים באַדעקט מיט גאָלד, באַשאָטן מיט פערל און באַזעצט מיט טײַערע בריליאַנטן פון אַלערליי קאָלירן.

אויף דער ערשטער טרעפּ איז געלעגן אַ גילדענער לייב און אַנטקעגן — אַ גילדענער אָקס; אויף דער צווייטער טרעפּ — אַ גילדענער וואָלף און אַנטקעגן — אַ שאָף; אויף דער דריטער — אַ לעמפּערט און אַנט־קעגן אַ ציג; אויף דער פערטער — אַ בער און אַנטקעגן אַ הירש; אויף דער פינפטער — אַן אָדלער און אַנטקעגן אַ טויב; אויף דער זעקסטער — אַ שפּאַרבער און אַנטקעגן אַ שפּערלינג—אַלץ פון לויטער גאָלד. און איבער'ן קאָפּ פון שטול איז געשטאַנען אַ גילדענע מנורה מיט זיבן רערן.

ווען שלמה פלעגט אַרויף אויף דער ערשטער טרעפּ, פלעגט זיך די אינווענדיקסטע מאַשינעריע אָנהייבן באַוועגן; עס פלעגט זיך אַ דריי טאָן אַ ראָד, און דער לייב פלעגט אויסשטרעקן אַ פוס פון איין זײַט און דער אָקס פון דער אַנדערער, און דער קעניג פלעגט זיך אָן זיי אָנלענען און אַרויפגיין העכער. און אַזוי איז געווען אויך ביי אַלע אַנדערע טרעפּ. אויבן פלעגט דער אָדלער אַוועקזעצן שלמה'ן אויפ'ן שטול און אָנטאָן אים די קרוין אויפ'ן קאָפּ. דעמאָלט פלעגט שלמה אָנהייבן משפּט'ן דאָס פאָלק.

## 63. די קעניגן פון שוואָ.

איינמאָל, ווען שלמה איז געווען אויפגעלייגט, האָט ער צע־שיקט אין אַלע לענדער אַרום און געלאָזט בעטן אַלע קעניגן, זיי זאָלן קומען אין זײַן פּאַלאַץ און זען זײַן גרויסקייט.

דערנאָך האָט ער באַפוילן, מ'זאָל ברענגען פידלען און צימבלען, פויקן און פלייטן און שפּילן פאַר זײַנע געסט. און נאָך האָט ער גע־הייסן, מ'זאָל ברענגען פאַר אים אַלע בהמות און חיות,

פויגלען און קריכנדיקע, זיי זאָלן פּאַר אים טאַנצן און שפּרינגען. זיינען געקומען אַלע ח י ו ת און פייגל. נאָר דער אויערהאָן איז צווישן זיי ניט געווען. איז ש ל מ ה בייז געוואָרן און באַפוילן, מ׳זאָל ברענגען דעם אויערהאָן און אים באַשטראָפן. איז דער אויער־האָן געקומען און געזאָגט ש ל מ ה׳ן: „קעניג! הער נאָר אויס מיינע רייד. שוין דריי ח ד ש י ם, אַז איך האָב געוואָלט דערגיין איין זאַך. איך האָב ניט געגעסן, ניט געטרונקען און אַלץ ביי זיך געטראַכט: איך וועל פליען איבער גאָר דער וועלט און זען, צו עס איז פאַראַן אַ לאַנד, וואָס פאָלגט ניט דיין געבאָט. האָב איך געפונען אַזאַ וויַיט לאַנד, און עס הייסט שוואָ. דער זאַמד פון דעם לאַנד איז טייערער פון גאָלד, און זילבער וואַלגערט זיך דאָרט אין די גאַסן. און ביימער וואַקסן דאָרט פון אייביקע צייטן אָן. זיי האָבן אויך מיליטער, נאָר אָנציען אַ בויגן קענען זיי ניט. און ווי צו פירן מ ל ח מ ו ת ווייסן זיי ניט. און אַ פרוי געוועלטיקט איבער זיי. איז אויב דו ווילסט, קעניג, וועל איך זיך אַוועקלאָזן אין יענעם לאַנד און ברענגען זייער קעניגן צו דיר.“

איז דאָס ש ל מ ה׳ן געפעלן געוואָרן. האָט ער גערופן זיינע שרייבער און מ׳האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו דער קעניגן פון שוואָ, און ער האָט דאָס אָנגעבונדן אָן אַ פליגל פון אויערהאָן.

און דער אויערהאָן איז געפלויגן און האָט אויפ׳ן וועג צונויפגע־נומען גרויסע מ ח נ ו ת (מאַכנעס) אַנדערע פייגל און האָט זיך געלאָזן אין דעם לאַנד שוואָ. אין דער פרי איז די קעניגין פון שוואָ אַרויף אויפ׳ן דאַך פון איר הויז צו בוקן זיך פאַר דער זון. דערזעט זי, אַז פלוצלונג איז עפּעס פינסטער געוואָרן, ווייל די פייגל האָבן מיט זייערע פליגלען פאַרשטעלט די שיין פון דער זון. האָט זיך די קעניגן דערשראָקן. זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז די זון אויף אייביק שוין פינסטער געוואָרן. דעמאָלט האָט זיך צו איר אַראָפּגעלאָזן דער אויער־האָן, און די קעניגין פון שוואָ האָט דערזען אויף זיינע פליגלען ש ל מ ה׳ס בריוו. האָט זי אָפּגעבונדן און דורכגעלייענט.

און אין בריוו איז געווען געשריבן אַזוי: „פון מיר, דעם קעניג

ש ל מ ה. פרידן צו דיר און דײַנע האַרן. זײַ װיסן, אַז איך בין דער קעניג פון י ש ר א ל און הערש אויך איבער אַלע ח י ו ת פון פעלד און פײגל פון הימל; און אַלע קעניגן אַרום קומען צו מיר אָפּגעבן מיר ש ל ו ם. אַצונד, אויב דו װעסט קומען מיך באַגריסן, װעל איך דיר אָנטאָן כ ב ו ד מער, װי אַלע קעניגן, װאָס זיצן בײַ מיר."

אַז די קעניגין פון שװאָ האָט איבערגעלײענט דעם בריװ, האָט זי געשיקט רופן אַלע אירע שיפס-קאַפּיטאַנען און זײַ געהײסן אָנלאָדן אַלע שיפן מיט האָלץ און קאָראַלן, מיט פּערל און בריליאַנטן, און זי איז אַװעק צו ש ל מ ה'ן.

װען זי איז געקומען, האָט ש ל מ ה געשיקט זײַן הויפּט קריגס-פירער ב נ י ה ו'ן (בנאָיאָהון) זי צו באַגעגענען. װען די קעניגין פון שװאָ האָט דערזען ב נ י ה ו'ן, איז זי אַראָפּ פון איר רײַטװאָגן און זיך פאַרנײגט פאַר אים, װײַל זי האָט געמײנט, אַז דאָס איז ש ל מ ה.

זאָגט איר ב נ י ה ו: „איך בין ניט ש ל מ ה, נאָר אײנער פון זײַנע דינער." האָט זיך די קעניגין פון שװאָ געװענדט צו אירע האַרן און זײ געזאָגט: „האָט איר ניט געזען דעם לײב, זעט זײַן רו-פּלאַץ; האָט איר ניט געזען דעם קעניג ש ל מ ה, זעט זײַן שײנעם באַדינער."

און ב נ י ה ו האָט זי געבראַכט צו ש ל מ ה'ן אין גלעזער-נעם פּאַלאַץ. האָט זי געמײנט, אַז ער זיצט אין װאַסער, האָט זי זיך דערשראָקן און אויסגעטאָן די שיך. שפּעטער האָט זי ש ל מ ה'ן געפרעגט רעטענישן. אײן רעטעניש איז געװען — „װאָס איז דאָס:

פון דער ערד קריכט עס אַרויס,
װי װאַסער גיסט זיך עס אויס
און פילט אָן דאָס גאַנצע הויז."
ענטפערט ש ל מ ה: „דאָס איז נאַפט."

און די צװײטע רעטעניש אירע איז געװען — „װאָס איז דאָס:
װי עס גיט אַ בלאָז אַ װינט,
בײגט ער אײַן דעם קאָפּ געשװינט

און יאָמערט מיט אַ קלאָג ;
פאַר רייַכע אַ — פוץ, פאַר אָרעמע אַ — נוץ,
פאַר לעבעדיקע אַ — ס ו ף, פאַר טויטע אַ — שטראָף ;
פאַר פייגל אַ — פרייד, פאַר פיש אַ — פּלאָג."
ענטפערט ער : „לייַן."

זאָגט די קעניגין פון שוואָ : „איצט זע איך, ווי גרויס דייַן חכמה איז."

און זי האָט געשענקט דעם קעניג טייַערע מתנות, און ער האָט איר אויך געגעבן אַלץ, וואָס זי האָט פאַרלאַנגט.



די קעניגין פון שוואָ ביי שלמה'ן.

## 64. שלמה אין אַ פרעמד לאַנד.

אַמאָל איז שלמה פאַרוואָגלט געוואָרן פון זייַן פּאַלאַץ פון ירושלים, וויַיט, וויַיט אין אַ פרעמד לאַנד. ער איז אומעטום געוועזן פרעמד און עלנט. וואוהין ער איז געקומען, האָט ער געשריען: „איך בין דער קעניג שלמה!" האָט אים קיינער ניט געגלויבט.

אַלע האָבן פון אים געלאַכט און געזאָגט, ער איז  מ ש ו ג ע.  און פאַרשייטע יונגען זיינען אים נאָכגעלאָפן אין די גאַסן און געוואָרפן אויף אים מיט שטיינער און אים נאָכגעשריען: „ אָט גייט דער מ ש ו ג ע׳נער, וואָס זאָגט אויף זיך, אַז ער איז דער קעניג  ש ל מ ה.“

האָט  ש ל מ ה  אָנגעהויבן אַרומגיין איבער די הייזער און בעטלען ברויט, ער זאָל האָבן וואָס צו עסן.  און אַזוי האָט ער געוואָגלט און געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צוריק קיין  י ר ו ש ל י ם.  דאָרטן איז ער געקומען צו די עלטסטע פון שטאָט און האָט אויסגעשריען: „דאָס בין איך דאָך  ש ל מ ה.“ האָט אים איינער פון די עלטסטע געזאָגט: „נאַר איינער! ווי ביסטו דאָס  ש ל מ ה,  אַז  ש ל מ ה  זיצט אין קעניגלאַכן פּאַלאַץ אויף זיין שטול?“

אויף מאָרגן און אויף איבערמאָרגן איז  ש ל מ ה  ווידער געקומען און האָט געשריען: „איך בין  ש ל מ ה.  אַ פרעמדער האָט פאַרכאַפּט מיין טראָן.“ האָבן זיי אים ווידער ניט געגלויבט.  אָבער אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָבן זיי צו זיך געזאָגט: „ער זעט אויס, ווי אַ קלאָרער מענטש, און רעדט אַלץ צו דער זאַך.  נאָר איין נאַרישקייט האָט ער זיך אַריינגעשלאָגן אין קאָפּ, דאַרף מען די זאַך אויספאָרשן.“

און אַז  ש ל מ ה  איז ווידער געקומען, האָבן זיי אויסגעהערט פון אים די זעלבע רייד.  זיינען די עלטסטע אַוועק אין קעניגלאַכן פּאַלאַץ און אויסגעפרעגט די הויפלייט, צי האָבן זיי ניט צוגעקוקט זיך צום קעניג, וואָס זיצט אויפ׳ן טראָן.  און זיי האָבן אויסגעפאָרשט די זאַך און האָבן אויסגעפונען, אַז אַ פרעמדער פאַרנעמט טאַקע  ש ל מ ה׳ס  טראָן.

האָבן זיך אויפגעקליבן אַלע גרויסע לייט פון  י ר ו ש ל י ם  און אַוועקגעפירט  ש ל מ ה׳ן  אין קעניגלאַכן פּאַלאַץ, און דער פרעמדער איז אַנטלאָפן.

## 65. שלמה'ס טויט.

און שלמה איז געזעסן אויף זײַן שטול פון העלפאַנטבייַן און געקיניגט איבער דעם פאָלק ישראל. אָבער אויף די עלטערע יאָרן איז שלמה שוין געווען ניט אַזוי ערלאַך און גוט, ווי פריער.

און ירבעם (יעראָוואָם), דער זון פון נבט (נעוואָט), פון אפרים (עפראַים), איז געווען איינער פון שלמה'ס באַאַמטע. ער איז געווען אַ העלדישער יונג. און שלמה האָט באַמערקט, אַז ער טוט גוטע אַרבעט, האָט ער אים באַשטימט פאַר דעם עלטסטן איבער גאַנץ אפרים.

איינמאָל איז ירבעם אַרויס פון ירושלים, האָט אים געטראָפן אויפ'ן וועג דער נביא אחיה (אַכיאָ). זיי זײַנען גע-ווען אַליין אין פעלד, און אחיה האָט געטראָגן אַ נײַעם מאַנטל. האָט אחיה גענומען זײַן מאַנטל ,צעריסן אים אויף צוועלף שטי-קער און געזאָגט ירבעם'ען: „נעם דיר צען שטיקער. די מלוכה וועט אָפּגעריסן ווערן פון שלמה'ן, ווײַל ער האָט זיך אויף דער עלטער אָנגעהויבן אויפפירן ניט גוט, און דו וועסט באַקומען צען שבטים (שוואָטים); און איין שבט וועט בלײַבן בײַ זײַן זון צוליב דוד'ן און צוליב דער שטאָט ירושלים, וואָס איז אויס-דערוויילט פון אַלע אַנדערע שטעט. און דו וועסט ווערן קעניג איבער ישראל; וועסטו גיין אין דעם ריכטיקן וועג און האַנדלען ריכטיק און אָפּהיטן די געזעצע געזעצן, ווי דוד האָט געטאָן, וועסטו אויפבויען אַ פעסטע דינאַסטיע, אַזוי ווי דוד האָט אויפ-געבויט.“

ווען שלמה האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער געוואָלט טייטן ירבעם'ען. איז ירבעם אַנטלאָפן אין מצרים און איז דאָרט פאַרבליבן ביז שלמה'ס טויט.

און שלמה האָט געקיניגט איבער ישראל 40 יאָר און איז געשטאָרבן. און מען האָט אים באַערדיקט אין ירושלים אין דער שטאָט פון דוד, זײַן פאָטער, און נאָך אים איז געוואָרן קעניג זײַן זון רחבעם (רעכאַוואָם).

## 66. די צעטיילונג פון דער מ ל ו כ ה (מלוכע).

און ר ח ב ע ם איז אַוועק אין דער שטאָט ש כ ם (שכעם), ווייל אַהין זיינען געקומען די עלטסטע פון י ש ר א ל צו באַשטימען אים אַלס קעניג.

ווען י ר ב ע ם, וואָס איז נאָך געווען אין מ צ ר י ם, האָט דערהערט, אַז ש ל מ ה איז געשטאָרבן, האָט ער זיך צוריקגעקערט אין ש כ ם. און מיט אַלע עלטסטע פון י ש ר א ל איז ער געקומען צו ר ח ב ע מ'ען און האָט אים געזאָגט: „דיין פאָטער האָט אַרויפ־געלייגט אויף אונז אַ שווערן יאָך; בעטן מיר, דו זאָלסט לייכטער מאַכן די אַרבעט און דעם שווערן יאָך, וואָס דיין פאָטער האָט אויף אונז אַרויפגעלייגט."

האָט זיי ר ח ב ע ם געזאָגט: „גייט, און אין דריי טעג אַרום קומט צוריק, וועל איך אייך געבן אַן ענטפער."

און ער האָט זיך מ י ש ב (מעיאַשעוו) געווען מיט זיינע אַלטע האַרן, וואָס זיינען נאָך געווען מיט זיין פאָטער ש ל מ ה'ן, און זיי געפרעגט, וואָס זאָל ער ענטפערן דעם פאָלק. האָבן זיי אים געזאָגט: „ווען דו וועסט היינט זיין אַ קנעכט ביים פאָלק און וועסט צו אים רעדן גוטע רייד, וועלן זיי זיין דיינע קנעכט דאָס גאַנצע לעבן." האָט ר ח ב ע ם נאָכדעם געפרעגט אַן ע צ ה ביי די יונגעלייט, מיט וועלכע ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט. האָבן יענע אים געזאָגט: „זאָג דעם פאָלק: מיין פינגער איז דיקער פון מיין פאָטערס פוס. און אויב מיין פאָטער האָט אויף אייך אַרויפגעלייגט אַ שווערן יאָך, וועל איך אייער יאָך נאָך שווערער מאַכן. און אויב מיין פאָטער האָט אייך געשמיסן מיט ריטער, וועל איך אייך שמייסן מיט דערנער."

איז ר ח ב ע מ'ען בעסער געפעלן געוואָרן די ע צ ה פון די יונגעלייט. און אויפ'ן דריטן טאָג, ווען עס זיינען צוריקגעקומען די עלטסטע פון י ש ר א ל צוזאַמען מיט י ר ב ע מ'ען, האָט ר ח ב ע ם גערעדט מיט זיי האַרטע רייד און זיי געזאָגט, אַז ער וועט זייער יאָך

נאָך מאַכן שווערער; און אויב דער פאָטער זײַנער האָט זיי געשמיסן מיט ריטער, וועט ער זיי שמײַסן מיט דערנער.



ר ח ב ע ם רעדט מיט די עלטסטע פון י ש ר א ל
הארבע רייד.

ווען דאָס פאָלק האָט דאָס דערהערט, האָבן זיי געזאָגט צו י ר ב ע ם׳ען: „וואָס פאַר אַ ח ל ק (כּייליק) האָבן מיר אין ד ו ד׳ן, און וואָס האָבן מיר צו טאָן מיט י ש י׳ס זון? לאָמיר גיין צוריק אהיים.“ זײַנען די עלטסטע פון פאָלק אַוועק צו זיך אהיים, און

ר ח ב ע ם האָט זיך אומגעקערט אין י ר ו ש ל י ם. און די איינ־וואוינער פון י ה ו ד ה האָבן אים געקרוינט פאַר זייער קעניג. און ר ח ב ע ם האָט געשיקט זיין פינאַנץ־באַאַמטן א ד ו נ י ר ם (אַדויניראַם), ער זאָל צונויפקלייבן צינזן ביי די איינוואוינער פון י ש ר א ל. האָבן יענע אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער, און ער איז קוים אַנטלאָפן אַ לעבעדיקער אין י ר ו ש ל י ם. און די איינוואוינער פון י ש ר א ל האָבן גערופן י ר ב ע ם'ען און געזאַלבט אים אַלס קעניג פון י ש ר א ל.

האָט ר ח ב ע ם פאַרזאַמלט אַ גרויסע אַרמיי און געוואָלט גיין מ ל ח מ ה האַלטן מיט י ש ר א ל. האָט אים געטראָפן איינער אַ נ ב י א און געזאָגט: „גיי נישט און פיר נישט קיין מ ל ח מ ה מיט י ש ר א ל. קערט זיך אום יעדער איינער צו זיך אַהיים, ווייל די זאַך איז שוין אַ פאַרפאַלענע."

האָבן זיי געפאָלגט און זיך אומגעקערט אַהיים. און אַזוי האָט זיך דאָס לאַנד צעטיילט אויף צוויי טיילן: י ה ו ד ה אין ד ר ו ם מיט קעניגן פון ד ו ד'ס הויז, און י ש ר א ל אין צ פ ו ן פון לאַנד.